# מיין דאַנק

איך ווייל דאָ אויסדריקן מיין טיפסטע דאַנקבאַרקייט צו די מענטשן און אינסטיטוציעס וואָס האָבן אַף פאַרשיידענע אויפאַנים מיר געהאָלפן אין דער אַרבעט אַף דעם בוך:

מאַרק שאַגאַל, וועמעס בילדער עס זיינען אַ לעבעדיקע וועלט אין מיר, אידאַ גאָרדעי, מישעל ראַפּאָפּאָרט, ס. ד. לעווין און „מאָרגן־פרייהייט", א. דזשענאָפסקי, מ. אָלקין און אַמבידזשאַן־איקאָר, פּוירל מאָולער און מוזיי פון מאָדערנער קונסט, מר. קאָלטן און „קאָלטן פּאָטאָס", און פּיער מאַטיס גאַלעריי, פאַר באַהילפיק זיין מיט פּלאַטן, צייכענונגען און פאָטאָגראַפיעס. (אייניקע פון די בילדער אין דעם באַנד זיינען רעפּראָדוצירט פון דעם בוך וועגן שאַגאַלן וואָס איז אַרויסגעגעבן פון דער פּיער מאַטיס גאַלעריי, און פון איציק פעפערס בוך ביראָ־בידזשאַנער לידער, אַרויסגעגעבן פון דעם איקאָר, און ראַיסאַ מאַריטענס בוך וועגן שאַגאַלן, אַרויסגעגעבן פון דעם פראַנצויזישן פאַרלאַג אין ניו־יאָרק.)

דר. אייזיק קלומאַק, פאַר זיין טיפן אינטערעס, קלוגע אייצעס און הילף ביים אָפּקלייבן בילדער וואָס איך האָב געוואָלט זאָלן טיילווייז קענען דינען ווי אילוסטראַציעס.

בעניאָמין קאַץ און דאָוויד סעלצער, וועלכע האָבן ניט נאָר מיט פאַכמענישן געשמאַק נאָר אויך מיט איבערגעבענער קאָלעגיאַלער באַציאונג בייגעטראָגן דער באַנד זאָל אַרויס וואָס שענער און וואָס בעסער.

אָלגאַ קאַבראַל, פאַר אינספּירירנדיקע סוגעסציעס אין דער אַרבעט פון דער פּאָעמע און ביי דער טעכנישער צוגרייטונג פונעם באַנד.

— א. ק.



„כי שמחתני . . . בפעליך
במעשי ידיך ארנן״.

## לעגענדע א.

איך וויל אייך דערציילן אַ מייסע.
איך וויל אַ לעגענדע דערציילן פון היינטיקער צייט.
פון אַ וויטעבסקער ייד און אַ ציגעלע אַ ווייסער,
וואָס גייט ווי זיין ליכטיקער שאָטן שטענדיק באַ זיין זייט.

„צי האָסטו געהערט אַ מייסע,
צי האָסטו געהערט אַ מייסע,
צי האָסטו געהערט אַ מייסע מיט אַ ציג אַ ווייסע,
צי האָסטו געהערט אַ מייסע.

וואָס איז דאָס פאַר אַ מייסע,
וואָס איז דאָס פאַר אַ מייסע,
וואָס איז דאָס פאַר אַ מייסע מיט אַ ציג אַ ווייסע,
וואָס איז דאָס פאַר אַ מייסע״.

איך וויל אייך אַ מייסע דערציילן
פון אַ וויטעבסקער ייִנגל וואָס איז אַרויס אַף דער וועלט —
און וואָס ס'איז אים אין גאָטס וועלט ניט געפעלן
האָט ער איבערגעפאַרבט און איבערגעשטעלט.

און מיט אים איז אַ מיידל געגאַנגען —
מיט זיין ליבע — גרויס ווי זיין שוואונג,
און זי האָט געוואוסט אַז דעם הימל דערלאַנגען
וועט ניט אָנקומען שווער איר פאַנטאַסטישן יונג.



און ער איז אַרויס און גענומען די אַלטיטשקע וועלט
אין זיינע יונגע הענט
און זי באַמאָלן אַזוי ווי אים און זיין מיידל געפעלט —
אַף דער ערד, אַפן הימל, דעכער און ווענט.

און ער האָט געמישט זיינע פאַרבן אַזוי
ווי ער האָט זיי געזען אין איר אויג, אין איר הויט, אין איר קאָל.
אַזוי האָט זיין יעדער נייער געבוי
געקראָגן איר אָנבליק אַף אַלעמאָל.

און ווי גרויס ס'איז געווען זייער ליבע — איז גרויס
זייער גלויבן געווען.
איז ער מיט איר די וועלט איבערפאַרבן אַרויס —
ווי דער וואָס זיצט אייבן האָט אַליין ניט געזען.

די דאָזיקע מייסע
וויל איך אייך דערציילן — פון אַ וויטעבסקער ייד
מיט אַ ציגעלע אַ ווייסער
וואָס גייט, ווי זיין ליכטיקע קאַלע,
ווי זיין ליכטיקער מאַזל,
ווי אַ פאַרכאָלעמטער יינגל מיט אַ שטוביקן ניגן
שטענדיק באַ זיין זייט.

ל ע ג ע נ ד ע  ב.

אמאָל.
אוי
אַמאָל.
אַי אַמאָל,
אַמאָל,
אַמאָל.
אוי, אַמאָל איז געווען
אַ מייסע,
אַ מייסע אין אַ מייסע פון
אַ מייסע.

„אַמאָל איז געווען אַ מייסע.
די מייסע איז גאָרניט פריילעך.
די מייסע הייבט זיך אָנעט
מיט אַ יידישן מיילעך״.

פון אַמאָל און אַמאָל
און אַמאָל
ביז אָט — די מינוט,
פון אַמאָל און אַמאָל ביז דער מינוט
און אַף אייביק איז
די מייסע דאָ

און וועט שוין זיין. די מייסע, אוי,
די מייסע פון
דער וועלט מיט אונדזער טרויער,
די מייסע פון
דער וועלט מיט אונדזער דויער. די מייסע, אוי,
די מייסע ווערט
דערציילט אונדז
אין טויזנט טויזנט טויזנטער קאָלירן פון
אַ פריילעכן בריישיס אין אַ טרויעריקן מיטן,
דערציילט און איינדערציילט און אויסדערציילט —
פון אַלע שווערע שאָלעכצן
אַרויסגעשיילט —
פון אַ וויטעבסקער
יידישן
מיילעך.

ליולינקע מיין ציגעלע,
ליולינקע מיין גאָלד.
פאַרבן זיינען שפּיגעלעך —
קוק זיך אָן מיין פאָלק.

# די מייסע.



„השמים שמים לה׳ והארץ נתן לבני־אָדם״.

צוויי וועלטן — סאָף
און אָנהייב. צווישן זיי — דער יינגל — מיט אַ פולן האַרץ גוטסקייט
צו דער וועלט.
דער זיידע דער שויכעט בינדט די קו.
דער כאַלעף שפּילט איר פאַר די אויגן מיטן בליץ פון שאַרפן סאָף.
דער יינגל שטרעקט אויס זיינע אָרעמס, בויגט זיך אָן צו איר,
גלעט איר, און באַרואיקט איר מיט טרייסט־ווערטער:
„קליין קיעלע: נאַקעט און געקרייציקט
אין די הימלען — טרוימסטו״.
צוויי וועלטן — סאָף
און אָנהייב: דער יינגל אינמיטן
וויל מעכאַיע מייסים זיין
וואָס דער זיידע האָט פאַרשניטן מיט זיין כאַלעף. טרוים
קעגן טויט.
פענזל
קעגן כאַלעף. אָנהייב
קעגן סאָף.

**אין די פעלכלעך באַ דער סטעליע אופגעהאַנגענע צו טריקענען**
**זעט ער** „אין כוישעך
פון די נעכט . . . אַ גאַנצע סטאַדע פרייד
פליען אינדערלופטן״.

„די יאַמקיפּער ליכט אין שול גייען־אוף
צו דער לעוואָנע, און די לעוואָנע פליט
אַרונטער
אין אונדזערע אַרעמס . . . גאָט . . .
אַנטפּלעק מיר מיין וועג . . . איך וויל זען
אַ נייע וועלט״ . . .
**האָט ער דערזען אַ שטאָט מיט מענטשן** „גייען אינדערלופטן״. **האָט ער דערזען באַקאַנטע**



„באַזעצן זיך אַף דעכער אָפּכאַפּן דעם אָטעם״.
**אַזוי איז וויטעבסק אַריבערגעפלייגן קיין פּאַריז. אַזוי האָט פּאַריז געהערט:**
„פּאַריז
— ביסט מיין צווייטע וויטעבסק״.

**אַ מאָדנער צווילינג — די צוויי שטעט**
**וויטעבסק און פּאַריז.**
**נאָר האָט די וועלט דערזען איניינעם זיי אַף זיין פּאַלעט —**
**האָט זי דעם זיווג באַגריסט.**

הונגעריקע
יידן. הונגעריקע
ציגן.
הונגעריקע בעטלער איבערן שטאָט, אַפן בעסיילעם,
אין בייסמעדרעש,
הונגעריקע קינדער אין קאַלטע וויגן — און דער כאַלעם כאַלעמט
אַפן שולהויף
ווי אַ פאַרבענקטער כאָסן.

אויסגעלענקטע שטיבלעך.
אויסגעקרימטע קרעמלעך.
דער באַלעבאַטישער דאַלעס שפּאַצירט שאַבעס-יאָמטעוו
אין אויסגעפּרעסטע לאַטעס —
און דער טרוימער טרוימט זיך
זינגענדיק
אַ טרויעריקן ניגן צווישן פּוסטע קראָמען.

קרומע קוימענקערער קערן קרומע קוימענס
אַף קרומע דעכער פון קרומע הייזער אַף קרומע גאַסן —
און דער כאַלעם כאַלעמט
אַף אַ גלייכן וועג — פון די אומעטיקע קוימענס
ביז די פריילעכע הימלען.

אויסגעהאָרעוועטע מיידלעך אין שניידערייען, שטריקערייען,
אויסגעמאָרעטע באָכערים אין שוסטערייען
שטעכן בייזע נאָדלען אין דיקן געוואַנט
און געפּעכטע
רוגזעדיקע דראַטווערס דורך האַרטע פעל —
און דער טרוימער טרוימט זיך
זינגענדיק
אַ זיגרייכן ניגן, ווי אַ באַפרייער אין
זיין טפיסע-צעל.

הונגעריקע ווינטן וואָיעוועו
אין די קראַנקע אייוורים פון דער שטאָט.
הונגעריקע ווינטן טרויערן

אַף אַזויפיל טרערן,
אַף אַזויפיל טרויער,
אַף אַזויפיל צאַר,
אַף אַזויפיל אומעט.
הונגעריקע ווינטן וואָרענען: וואָס שווייגט איר, יידן, גוואַלד,
וואָס שווייגט איר,
יידן, — און דער טרוימער
טרוימט זיך
אַפּן שולהויף, צווישן פּוסטע קראָמען,
אינעם העקדעש,
אונטערן באָד, אַף אַ בוידעם, אין אַ קעלער,
אין אַ קוימען,
אין שטאָט וואַרשטאַטן — טרוימט
זינגענדיק
ווי אַ גליקלעכער, פאַרליבטער כאָסן.

אינמיטן שטאָט מיט טרויער, אינמיטן
שטאָט מיט טרוימען
כאָלעמט דער יונגער מיילעך אין זיין אייגענער מעלוכע
פון פאַרבן, פאָרמען און קאָלירן.

דער מיילעך האָט
געהאַט
אַ טאַטע, — (טאַטע, קום
לאָמיר איבערפליען מיט וויטעבסק קיין פאַריז.)
דער מיילעך האָט
געהאַט
אַ מאַמע, — (מאַמע, קום
לאָמיר אַריינפליען מיט וויטעבסק טיפער אין
אייראָפּע.
מיט וויטעבסק און פאַריז וועלן מיר ווייטער פליען — ב י ז — )
דער מיילעך האָט
געהאַט
אַ וויגעלע,
אַ וויגליד און אַ קאַלע און אַ ציגעלע.

דער מיילעך האָט
געזען
אַ וועלט פאַר זיך —
אַף לייוונטן צעלייגט איבער
אייראָפּע,



האָט ער גענומען טאַטע־מאַמע און
זיין וויגעלע,
זיין קאַלע און
זיין וויגליד און
זיין ציגעלע
און מיט אַלעמען אַוועק
אין ברייטער וועלט אַריין.



דער קיניג זיידע האָט געקיניגט אַף די קרומע,
דאַלעסדיקע דעכער פונעם שטעטל.
דער קיניג טאַטע האָט
געקיניגט אַף
די אינדערלופטנדיקע, פאַלנדיקע געסלעך פון
דער שטאָט.
דער יונגער קיניג אייניקל — דער זון —
קיניגט אין די הייכע הימלען
מיט גוטסקייט פון זיין כאָכמע איבער גאָר דער ערד.
די קיניגין מאַמע האָט געקיניגט מיט אַ שאַבעסקוידעש־פּאָנים
אַלע טעג פון אַ גאַנציאָר.
די קיניגן קאַלע קיניגט מיט נאָים-זמירעסדיקן קאָל
פון אַלע פאַרליבטע טעכטער אַף דער ערד.
דער יונגער קיניג אייניקל — דער זון —
קיניגט איבער די זינגענדיקע בלאָע וואַסערן און זעגלענדיקע ווייסע
וואָלקנס פון

אייביקן פרילינג.
אַזוי
ווערט די אַלטע מייסע מיטן אַלטן מיילעך יונג, אַזוי

ווערט דער לאַנגער, שווערער דויער — קיעם.
און דער טרויער און דער צאַר
ווערן קוואַלן פאַרב אונטער דעם הימל זון
פון יונג־כאָסנדיקער פרייד
אין כאָסן־קאַלע קיניגרייך.
באַזעצט ער טאַטע־מאַמע אייבנאָן אין זיין אַטעליע אַפן מאָנמאַרט
און זיין קאַלע —
אַף אַ זילבערנעם לייטער צווישן הימל און ערד,
אַף אַ פליענדיקן ווייסן פערד
פון דעם פייערדיקן רייטוואָגן אין די הימלען,
אַף אַ ווייסן וואָלקן פון ווייסרוסלאַנד וואָס גייט מיט אים
וואוהין ער גייט —
ווי די בעריאָזעס, ווי די דווינע,
ווי דער פרימאָרגן־האָן,
ווי די אָוונט־ציג,
ווי זיין וויג און וויגליד. זיין קאַלע באַזעצט ער
פון פרימאָרגן ביז פאַרנאַכט
צווישן די האָריזאָנטן פון
זיין לילעווען אינדערלופטן און לייוונטענע הימלען —
וואו די וועלט האָט אַן עק
און וויל זיך איבערפאַרבן, איבערמאָלן
לויט דעם כאָסנס פריילעכער פאַנטאַזיע און דער קאַלעס
ליבלעכע קאָלירן.

„גיי איך מיר אַרויס אַפֿן גאַניקל
דאָס שטעטעלע באַקוקן״:
ווילט זיך אַלעמען דערנענטערן
און די שטיבעלעך צערוקן.

(קוואַרטאַלן אַלטע שטיבער טוליען זיך אין קעלט און ווידערשטאַנד
פֿון ווינטערדיקן
וויטעבסקער דאַלעס — איינגענורעט, צוגעטוליעט —
ווי אַ מיניען אָרעמעלייט אונטער איין
אַלטן טאַלעס. איינגענורעט, צוגעטוליעט — ווי געלאַטעטע
פּאָליטישע עטאַפּניקעס אין שניידנדיקן שניישטורעם — פֿון הונגער,
קעלט און דורשט
אין האָפּערדיקן ווידערשטאַנד — פֿאַרכאַלעשט).

גיי איך צו מיין דווינע צו
איר קלאָרן גאַנג באַטראַכטן.
ווילט זיך שטאַרק אַוועק מיט איר —
די ערד, די וועלט אַ פֿאַרב טאָן.

ארומגענומען מיט זיין קאַלע
גייט ער זיך געזעגענען.
פֿאָרן פֿאָרט ער זייער ווייט,
נאָר אירט אים שטענדיק דאָ באַגעגענען.

אַרומגענומען מיט זיין קאַלע —
מיט זיין קאַלע אַף זיין טשוב —
פֿליט ער — מיט זיין גאַנצער שטאָט מיט זיך —
אַף זיין באַפֿליגלטער שטוב.

ליולינקע מיין ציגעלע,
ליולינקע מיין גאָלד.
פֿאַרבן זיינען שפּיגעלעך —
קוק זיך אָן, מיין פֿאָלק.



אויף אַ טויזנטפֿאַרביקן געשפּאַן
פֿון טויזנט באַפֿליגלטע ציגן און פֿריילעכע העגער איז אַרויסגעפֿלויגן אַ יונגער
וויטעבסקער **ייִד**
איבער די ווענט פֿון זײַן שטאָט.

האָבן די ווענט זיך אַ טראָג געטאָן
דורך פּאַריז און בערלין, דורך מאָסקווע, רוים און ניו-יאָרק
און זיך אויסגעשטעלט אין מיזרעך —
וואו ס'איז מיזרעך נאָר דאָ אַף דער וועלט,
און פון מיזרעך
צו מיירעוו געשפּאַנט, און פון מיירעוו
צו צאָפן און דאָרעם
געשפּאַנט
מיטן יידישן צאַר פון זיין שטאָט אַף די ווענט,
מיטן יידישן ניגן פון זיין פאָלק אין די ווענט,
און מיט דער כאָכמע פון שיינקייט און שיינקייט פון כאָכמע באַמאָלענע ווענט
וואָס האַלטן זיי אוף —
ווי זיי האַלטן אוף זיין שטאָט
און זיין וועלט.

ווער עס קען דאָס לעבן — פון זיין טאַטנס שטיבל אין זיין שטעטל
ביזן הימל-טורעם אַפן עמפּייר-סטייט,
פון שאָטנספולן שולהויף מיט אָרעמע לעוואַיעס און נאָך אָרעמערע
כאַסענעס
ביז דעם קאָלירנדיקן ליכט-יאַם בראָדוויי,
פון די גראָשנדיקע פּאַנאָראַמע-קאַרטלעך, צוויי גראָשנדיקע
געטשקעס און
דריי גראָשנדיקע פּאָרטרעטן פון קייסאָרים,
קייסעריניעס
און — לעהאַוודל עלעף אַלפיי האַוודאָלעס —
מעגילע- און האַגאָדע-בילדער
ביזן ניו-יאָרקער מאָדערנעם
קונסט-מוזיי —
ווער עס קען דאָס לעבן —
פון האַקאָפעס-האָפקעס סימכאַס-טוירע אין פּאַראומערטן
מיסנאַגדישן בייסמעדרעש
ביזן פייערפייגל-באַלעט אין מעטראָפּאָליטען —
דער קען
שאַגאַלן.

פון דעם מעלאַמעד אין כיידער („זיאַמקע די ציג״)

ביז אים
איז קאָרטשעניש, קריכן,
קלעטערן, דראַפּען זיך
און שפּאַנען
איבער גלייכע ווענט
און קרומע וועגן, דורך זומפּן
וואָס מאַכן אָנשטעל
פון שפּיגלדיקע יאַמען, גליטשיקער גאַנג —
געדריידלטער און פּיינלעכער — אַף דינעם, קוואָלן אייז
און אָנגעברענטע שפּאַלן. ווער עס קען
דאָס לעבן — קען
שאַגאַלן.

ווער עס קען שאַגאַלן — קען
דאָס לעבן.
שטעל זיך
צווישן וויטעבסק און פּאַריז.
שטעל זיך צווישן מאָסקווע און מאַדריד. פּאַריינס וועסטו
די וועלט דערקענען, און דעם מענטש, און זיך — דעם ייד.
די מאָס פון העכסטן וויסן איז
דער איינציקער מאָמענט: ווען דו באַנעמסט דעם סאָד, דעם אָפּענעם,
וויפיל מענטשן אַף דער וועלט עס האָבן ניט
אין הויז קיין באָד.
ווי אַ טראָפּן רעגן האַלט זיך אוף אין יאַם —
האַלט זיך אין דעם מענטש דערדאָזיקער מאָמענט. דעמאָלט קוקסטו
אַף דער וועלט
דורך אַ שטוב אָן וואַסער,
דורך אַ הויז אָן שויבן — און האָסט די וועלט אַ נאַקעטע
דערקענט.

פון דעם מעלאַמעד אין כיידער ביז אים — זעסטו דיין טאַטן
אין טאַלעס און טפילן
באַגינען — ער טיינעט זיך אויס
מיטן אייבערשטן — פּאָנעם על פּאָנעם —
דורך אַ מיזרעך־פענצטער פון זיין כמורנער כאַטע, און הייסע דימענטן פאַלן פון
דער מאַמעס אויגן באַם פרימאָרגן־פלאַם
פון גאַרנדיקן, הונגעריקן אויוון, און דו הערסט
די בייזע רייד פון די נעוויאים
איבער דעם אוישערס רויב פון אָרעמאַן,
מאַטערסט זיך מיט פיינטלעכע
געדאַנקלעכע ניסיוינעס,
מאַכסט־דורך פאַנטאַסטישע נעסיעס
אַף מענדעלעס יידישער קליאַטשע
דורך בעניאָמענס הייכע האַסאָגעס פון וועלטן
אַף יענער זייט
סאַמבאַטיען,
לערנסט זיך אין גאָרקיס „אוניווערסיטעטן״, לויפסט צו שאַבעסדיקע סכאָדקעס
אין די וועלדער
און מיט פערעצן אַף „קנאַסמאַלן״. פון דאָרט
זעען שוין די אויגן ווייטער: פון פעטערבורג
דערזעסטו
פעטראָגראַד. פון פעטראָגראַד
דערזעסטו
לענינגראַד. און איבער אַלע יאַמען זעסט

און הערסט
דעם זיידנס זינגענדיקע אייניקלעך די פעפערלעך און מאָטעלעך
מיט דער קליאַטשע
מיט דער בויד מיט מייסע־ביכלעך און ספאָרים באַוואָפנטע
אַף טאַנקעס
באַ די וועלט־געבענטשטע ווענט פון סטאַלינגראַד. און מיט זיי —
דער אויסגעלאַכטער,
ליידנדיקער
שימענעליע
און — די ציג.

באַקען זיך מיט
שאַגאַלן. ס׳וועט דיר נענטער ווערן
דיין טאַטע און דיין כאָסן,
ס׳וועט דיר ליבער ווערן
דיין מאַמע און דיין קאַלע.

ליולינקע מיין ציגעלע,
ליולינקע מיין גאָלד.
פאַרבן זיינען שפּיגעלעך —
קוק זיך אָן, מיין פאָלק.
:: :: ::
ליולינקע, ליולינקע,
ליולינקע מיין ציגעלע . . .

## די ציג

„צי האָסטו געהערט אַ מייסע״ . . .

„אונטער סראַליקלס וויגעלע,
שטייט אַ קלאָרווייסע ציגעלע״ . . .

## די ציג

„וואָס איז דאָס פאַר אַ מייסע״ . . .

סראָליק איז געוואַקסן, און די ציג האָט מיט סראָליקן
געפּאָקט און געמאָזלט, רעבּ ייסראָעל —
די ציג, רעבּ ייסראָעל —
דער סאָיר־לאַזאָזל.

די ציג
טראָגט אַף זיך דעם טרויער
פון וויטעבּסקער פאַרלאָזנקייט, פון יידישן
גוירל אין געטאָ,
פון דערשלאָגענע ייִנגלעך מיט וועמען מען וויל זיך ניט שפּילן.
פון אָרעמע מיידלעך
וואָס בּלייבּן פאַרזעסן.
פון מאַרק־יידן
וואָס גייען מיט ליידיקן אַהיים.
פון קאַלעס פאַרשעמטע פון פאַלשע כאַסאַנים.
פון אַן אופגעגעבּענעם כאָלעם.
פון אַ שטעטל אַווײלים.
פון אַן אָפּגענאַרטער איידע יידן.
פון אַ פאָלק
וואָס קען זיך אַף מאָשיעכן ניט דערוואַרטן.
פון יעסוימים — נאַווענאַד —
אַף גאָטס בּאַראָט.
פון היימלאָזע מענטשן — אַף שאַנד און אַף שפּאָט. די ציג.

די ווייסע טויבּ האָט אונדז פאַרלאָזן בּאַ דער טיר
פון נויעכס קאַסטן אַפן בּאַרג אַראָראָט. נאָר ניט די ציג.
די ציג — מיט כאָסן־קאַלע, מאַכוטאָנים און קלעזמאָרים
איז מיט אונדז געגאַנגען צו דער כופּע,
אין בּאַהעלטעניש געגאַנגען פון פּאָגראָמען און געבּוצקעט זיך
מיט בּייזע הינט
מיט סראָליקן איניינעם,
אינמיטן כורבּן און אינמיטן סימכעס — וואו צעשראָקן און פאַרלאָרן,
וואו צעהוליעט און

צעטאַנצט. אינמיטן סרייפע — אַ יאָסעם אַ צעטומלטער,
אינמיטן אופשטאַנד — אַ נעשאָמע
אַ געדולדיקע
וואָס שטייט און וואַרט: זי ווייס
אַף איר שטעטל יידן קען זי זיך פאַרלאָזן. ייסראָעל,
רעב ייסראָעל — די ציג,
דער סאָיר־לאַזאָזל.

פון שטילן, פּרימיטיוון דאָרף
ביז יידישער, טומלדיקער שטאָט,
פונעם ברענענדיקן באַרג אַזאָזל ביז די קילע שולהויף־זוואַלן,
פון דעם קויהען־גאָדל
ביז שימענעליען
ביז שאַגאַלן — די ציגעלע — די ציג.

כאַד גאַדיאָ, כאַד גאַדיאָ — איין ציגעלע,
דעזאַבין אַבאָ — וואָס טאַטע־פּאָטער האָט זיך איינגעהאַנדלט
פאַר זיין מאַראָכע.
כאַד גאַדיאָ, כאַד גאַדיאָ — ליבהאַרציקער שוטעף
צו אונדזערע קלאָלעס און בראָכעס. די ציג.

„אונטער סראַליקלס וויגעלע
שטייט אַ קלאַרווייסע ציגעלע . . .״
דאָס ציגעלע פּאַרט מער ניט האַנדלען
מיט ראָזשינקעס מיט מאַנדלען —
זי גייט אַף אַ נייעם באַרוף:
די צעקרימטע שטאָט וויטעבּסק פאַרוואַנדלען
אין אַ וועלט פון שענסטן קאָלטואוו.

אַז איר וועט גרויס ווערן, ברידערלעך,
זאָלט איר אָפּהיטן די פידעלעך
פון בעריישיס, פון מידבאַר און באָוול,
פון גייִרעש, פון שכיטע און וואָגל —
פון יערושאָלאַים ביז וויטעבּסק און ווייטער —
וואָס האָבן אין טרויער געהיילט און געטרייסט.

„אונטער סראַליקלס וויגעלע
שטייט אַ קלאַרווייסע ציגעלע . . .״

אַז איר וועט פריי ווערן, ברידערלעך,
זאָלט איר אָפּהיטן די פידעלעך
פון פּאַסטעך דאָוויד ביז כאַצקל דעם קלעזמער,
וואָס האָבן געשפּילט אונדז אַף אייביקן דויער —
מיט לידער פאַרשפּילט אונדזער טרויער,
אין אומגליק געהיילט און געטרייסט.

„אונטער סראַליקלס וויגעלע
שטייט אַ קלאָרווייסע ציגעלע . . .״
דאָס ציגעלע פאָרט מער ניט האַנדלען
מיט ראָזשינקעס מיט מאַנדלען —
זי גייט אַף אַ נייעם באַרוף:
די צעקרימטע שטאָט וויטעבסק פאַרוואַנדלען
אין אַ וועלט פון שענסטן קאָלטואוו.

כאַד גאַדיאָ, כאַד גאַדיאָ — אַן איינוניינציק ציגעלע.
איין ציגעלע — אַזויפיל טייכן בלוט,
און דאָס ציגעלע איז דורכגעשוואומען.

כאַד גאַדיאָ, כאַד גאַדיאָ — איין קליין ציגעלע.
איין ציגעלע — אַזויפיל יאַמען מוט:
איז דאָס ציגעלע איבערגעקומען.

האָב איך ווייסע ציגן, ציגן,
וואָס טאַנצן מיינע זיגן, זיגן,
האָב איך רויטע הענער, הענער,
וואָס זינגען פרייהייט־טענער, טענער.
ניט קיין וואונדער איז דער וואונדער
ווי די ציגן טאַנצן זיגן,
ווי די הענער זינגען טענער, —
ס׳שטעטל איז דער וואונדער!
ס׳לעבן איז דער וואונדער!

„ציגעלע
מיגעלע, קאָטינקע, רויטע
פּאָמעראַנצן״,
רעגנבויגנס האַלדזן זיך —
גייען באָבעס טאַנצן. ציגעלע, מיגעלע,
גרינער באָק,
טראָג די פאָן פון פרילינג,

**ציגעלע, מיגעלע,**
**לעבּ אַ טאָג —**
**ביסט פון דער זון אַ צווילינג.**

„ציגעלע
מיגעלע, קאַטינקע, רויטע
פּאַמעראַנצן",
**די וועלט איז אַ פאַרשאָטנטע —**
**פאַרבּ זי אָפּ**
**אינגאַנצן.**

**ציגעלע, מיגעלע געלער האָן.**
**וויל ער — קענסטו פליען.**
**דער אָדלער קומט פון אייבנאָן,**
**נאָר דו, באַ אים, קומסט פריער.**

**ציגעלע, מיגעלע**
**טאַנץ און שפּרינג,**
**לעבּן צווישן יידן איז גאָרניט גרינג.**
**ציגעלע, מיגעלע**
**שפּרינג און טאַנץ,**
**סראָליק לעבּט, געזונט און גאַנץ.**

„ציגעלע,
מיגעלע, קאַטינקע, רויטע
פּאַמעראַנצן . . ."
**וויטעבּסק האָט דעם פיינט באַזיגט —**
**גייען יידן טאַנצן.**



„העי, העי, העמערל,
קום צו מיר אין קעמערל:
איכל דיר עפעס ווייזן״ —
**אַ פענזל מיט אַ זעמערל,**
**דער וועלטס קאָלירן אין אַן עמערל —**
**די נעשאָמע פון דער ערד אין שפּיל וועל איך דיר ווייזן.**

אַף אַ טויזנטפּאַרביקן געשפּאַן
פון טויזנט באַפליגלטע ציגן און פריילעכע הענער איז אַרויסגעפלייגן אַ יונגער
וויטעבסקער ייד
מיט שטראַלנדיקע הענט איבער די ווענט פון אַלע
גראָע שטעט,
איבער פּאַרוויינטע דעכער פון
דער וועלט,
אַף טיר און טויער פון דער וועלט, אַף אַלטע שולן פון
דער וועלט,
אַף טראַדיציע טעאַטערס פון דער וועלט,
אַף קאָהאָלשע בעדער פון
דער וועלט, אַף דוירעסדיקע בעסאַלמענס פון
דער וועלט, אַף אַלעמענס,
אַף אַלע, אַלע, אַלע פענצטער פון דער וועלט — באַנייענדיק
די אַלטע אייביקייט,
באַפרייענדיק די פריילעכע
פּאַרבן און פאָרמען — פּאַרבאָטענע
פון פּאַרעלטערטער עלטער און אַלטמאָדישער אַלטקייט.

ער איז געקומען אַף דער ערד מיט זיינע פּאַרבן
און געוואוסט:
דאָס איז די יונגקייט פון זיין פאָלק: וועלט און מענטש
נויטיקט זיך אין דעם.
איז ער אַרויסגעפלייגן אַף זיין טויזנטפּאַרביקן געשפּאַן.
און וואָס ער רירט נאָר אָן גייט-אויף —
ווי אַ פרימאָרגן אַף קאַווקאַז, אין מעקסיקע, אין טעלאַוויוו —
און גייט קיינמאָל מער ניט אונטער.
און וואָס ער רירט נאָר אָן — לייטערט זיך פון טרויער,
און וואָס ער רירט נאָר אָן — טוט זיך אויס פון אומעט,
ווייל מאָלן מאָלט ער אויס די גרויסע, טיפע בענקשאַפט צו יעדנס כאָלעם —
פונוואַנען דער צווילינג — טרויער און אומעט — שטאַמט.

ווי קליין איז
אַ קליינשטעטל?
אַ ליבע איז געקומען ווי דער הימל גרויס.

ווי קליין איז
אַ קליינשטעטל?
אַ יינגל איז געקומען — ווי ער די גרויס.

ווי קליין איז
אַ קליינשטעטל?
אַ האָן איז אַרויסגעשפרונגען אין דער פייערדיקער הויט פון דער פרימאָרגן זון
און קרייט
ביזן הימל אַריין — איבער דער רונדער ערד.

ווי קליין איז
אַ קליינשטעטל?
אַ דראַכלער קלעזמער אַף אַ דראַכלען דאַך
שפּילט
און די וועלט הערט.

ווי קליין איז

אַ קליינשטעטל?
אַ ייד אַ קאַבצן דאַוונט, און דער אָפענער
שעל־ראָש
מיטן קווערל ווייסן טאָג אין אים
קוקט אַרוף צום אייבערשטן:



דאָס פּירקאַנטיקע פּיצל ווייסער טאָג איז אָנגעשטעלט
אַקשאָנעסדיק און גוטמוטיק
צום הימל,
ווי אַ נייע דעכל־שויב
אַף אַ פאַררויכערטן לאַמטערן
וואָס קוקט דורך נאַכט אַרוף — אַרוף, אַרוף:
צי קומט ער שוין,
צי קומט שוין דער
באַגינען.

ווי קליין איז אַ קליינשטעטל?
אַ כאַסענע — ׳זאַ כאַסענע פאַר אַלעמען,
און פאַר אַלעמען — ניט דאָ געדאַכט —
איז אַ לעוואַיע.

אַ קליינשטעטל איז — אַ קראַך
ווען מען מעסט דעם מענטש,
די ליבע
אונטער איין
שמאָלן, נידעריקן, ענגן
שטעטלדיקן דאַך.

אַ קליינשטעטל איז
די שענסטע וועלט —
ווען דאָס גוטע אַלטע
דערקענט זיך אינעם נייעם.

ויטעבסק שפּילט אַ ליבע
און די וועלט קוועלט אָן.
וויטעבסק מאָלט אַ מייסע — לויפט די וועלט אַף וואונדער.
בליט
אין בלאָער נאַכט דער גרינער
מאַן.
זינגט
אין בלאָער נאַכט דער רויטער
האָן.

וויטעבסק און פּאַריז — אַ צווילינג —
אַ באָרוועס דאָרפיש יידיש מיידל
און אַ פּרינצעסן פון סאַלאָן —
בליט
אין בלאָער נאַכט דער גרינער
מאַן.
זינגט אין בלאָער נאַכט דער רויטער
האָן.

וויטעבסק איז — — — — — — — — — — — — — — וויית
וויית — — — — — — — — — — — — — — אין סאַמע אָנהייב ווינקל
פון
געטאָ־שטעטל אין אַלע אַלטע געטאָ־לענדער.
וויטעבסק איז — — — — — — — — — — — — — — — וויית
אין אַלטן מיטן
פון טרויעריקע געטאָ־שטעט אין ליטע און ווייסרוסלאַנד. וויטעבסק
איז
וויית — — — — — — — — — — — — — — — וויית
אין יאָמטעווודיקן הינטערגרונט פון אַלטע פאָלקלידער און יונגע טרוימען
און ווייטער — — — — — — — — — — — — — — — ווייטער נאָך
איז
וויטעבסק — — — — — — — — — — — — — — — וויית
און טיף
און וויית און ברייט
און וויית און לייכט און ליכטיק אין
דער לויכטנדיקער יונגקייט פון
דער ווייטער ווייטער ווייטער צוקונפט.

ווי אַלט איז וויטעבסק? אַזוי אַלט
ווי שאַגאַל מאָלט זי אויס אַף זיין געשטעל —
אַף דער בינע, אַף דער ערד — פאַרן טעאַטער,
פאַר דער וועלט. סיי־ווי־סיי —
בינע, בעסאַלמען, קינעס,
טכינעס, ליבע־לידער
אָדער פסאַלמען — אַלט וויטעבסק איז
די יונגע וועלט
וואָס איז יוגנטלעך יונג ווי ס'דאַרף זיין די יונגע
צוקונפט פון דער וועלט
וואָס דער וויטעבסקער ייד מאָלט אויס
אַפן מאָרגן־מאָרגן־איבערמאָרגן
צווישן הימל און ערד.

שיר השירים אַשער מישיריי שירים שיר.
שיר האַשירים — אופשטאַנד פון גרויס ליבּע
קעגן אַלץ
וואָס איז באַנאַל.
שיר האַשירים פון דעם גרעסטן און דעם שענסטן גוויר:



שיר האַשירים אַשער לעאָדאָם-ענאָש-געווער-איש שאַגאַל.
שיר האַשירים פון אַ הימל פליענדיקע
בּלאָע פיש
מיט רויטע פידלען.
שיר האַשירים פון דעם צויבּער

וואָס גיט פאַרבן פליגלען, וואָס גיט רייכעס פליגלען און פאַרבן,
און בלומען און פאַרבן גיט די כושים צו דערפרייען זיך מיט מיידל־ייִנגל ליבע
וואָס איז צאַרט און נאַקעט איינגעוואַקסן
אין דער צאַרטער נאַקעטקייט
פון בליענדיקן בלאָען בעז.



שיר האַשירים פון אייביקן מיידל־ווייב
וואָס די געזעצן קענען איר ניט פאַרעלטערן, ניט אומברענגען. שיר האַשירים
אַשער מישיריי שיר.
אַלע פאַרבן און קאָלירן אַנטפּלעקן זיך פאַר אים אין איר. ברונימער
מיט רעגנבויגנס פול. אָזערעס און טייכן מיט לעוואָנעס פול.
וועלדער זומער פון בעריאָזעווען ווייסרוסלאַנד מיט איר אָטעם פול.
לייוונט איז הימל און הימל איז
זיין קאָלעס אויסשטייער. טוט ער אַלע קאָלעס אָן
איר דורכזיכטיקע מיידלשאַפט. שיר האַשירים.
שיר האַשירים
פון אַ וועלט פון לויטער ליבשאַפט.

שיר האַשירים
פון אַ וועלט פון לויטער טאָג. שיר האַשירים
פון אַ וועלט
פון לויטער קלעזמער.

שיר האַשירים אַשער מישיריי שירים שיר.
זיין גאַנצע וועלט האָט ער געמאַכט דערקענען זיך
אין איר.

געבורטסטאָג — יעדן, יעדן, יעדן טאָג — געבורטסטאָג.
יעדן טאָג איבערגעבאָרן — ער און זי.
באַ אים איז גרעסטער יאָמטעוו אינדערפרי:
זיין גאַנצער טאָג איז



אינדערפרי.
זיין רויטער ראָק, איר ווייסע קלייד,
די געלע זון,
דער בעכער רויטער וויין — איז סימכע אינדערפרי.
דורכן פענצטער זען פאַריז — איז יאָמטעוו אינדערפרי.
כאָסן־קאַלע באַם אייפל־טורעם — פאַרליבטע אַפן רויטן פליענדיקן פערד —
מיט אַ פריילעכן
צעלויכטענעם לייכטער אין זיין פאָדערהאַנט מיטן ברענענדיקן ליכט פאָרויס—
פאַרליבטע פליען איבער דער נאַכט און הערן זיך צו
ווי ס׳קרייט דער האָן — דער רויטער האָן אין בלאָער נאַכט,
און דער אייזעלע מיטן פידל און כאָסן־קאַלע — איז יאָמטעוו אינדערפרי.
איז סימכע אינדערפרי.
אַלע זיינע פאַרבן זיינען שטיקער אינדערפרי.
דערפאַר איז אַזוי פרי
אין זיינע שפעטע גרינע נעכט,
דערפאַר איז אַזוי נאַכטלאָז
אין זיינע טיפע בלאָע נעכט.



איבער דער
שטאָט
פליען פייגל. איבער דער
שטאָט
פליען שטערן.
איבער די דעכער גייט
די זון.
איבער די דעכער גייט
די לעוואָנע.
איבער די דעכער פליען די האָפענונגען פון קליין און גרויס.
איבער די דעכער טראָגן זיך
די זעאונגען פון דיכטער, און מיט זיי —



זייביידע —
ער און זי — אינײנעם
אינײנעם ווי צוויי לייכטע, לאַנגע, דינע סילועטן
ליכטיקע
פליען, פליען
צום אייגענעם הימל איבער דער שטאָט.
זייער ליבע גרייכט אין יעדער שטוב — ווי די זון,
ווי די לעוואָנע.
און ווי הייך זיי פליען ניט — זענען זיי אַלע נאָענט



איבער די דעכער,
איבער די בוידעמער —
וואו די צייט הערט ניט אוף צו פלעכטן פליגלען
אַף לאַנגאָניקע ליבע-טרוימען.
פליען ביידע,
האַלדזן זיך
און שפיגלען זיך אין דווינע פליענדיק,
און פליענדיק
האַלדזן זיי גאַנץ וויטעבסק.

שיר השירים אַשער מישיריי שירים שיר.
אירע אַקסלען זיינען זיינע פליגלען.
איר פּאָנים איז
זיין פּאַליטרע,
אירע פינגער — זיינע פּענזלען,
איר קאָפּ איז דער צויבערשפּיגל
פון זיין פאַנטאַסטישן אייצער. און זי איז זיין אייביקע
הימל־בלאָע פידל.

אין אירע קליידער פּוצט ער אויס
זיינע קלעזמאָרים



און זיי זעען אויס
ווי זי וואָלט זיי אַלעמען געבאָרן, און זיי שפּילן
ווי זי וואָלט זיי פֿאַרזונגען מיט ניגונים
וואָס ס'וועט זיי נעמען טאָג און נאַכט אַן אייביקייט
זיי אויסצושפּילן.
און זיי זיצן און
זיי שפּילן. (אַף אַלע דעכער, אַף אַלע קוימענס).
און זיי שטייען און
זיי שפּילן. (אין אַלע וועלדער, אין אַלע הויפֿן).
און זיי ליגן און
זיי שפּילן. (אין בייזע זאַווערוכעס און פֿרידלעכע שנייען).
און זיי גייען און
זיי שפּילן. (באַרג אַרוף און באַרג אַראָפּ, קאָפּ אַרוף און קאָפּ אַראָפּ).
און זיי פֿליען און
זיי שפּילן
און
זיי שפּילן און
זיי שפּילן
און זיי
שפּילן, שפּילן, שפּילן, שפּילן —
גרינע קלעזמאָרים — פֿאַרטיפֿטער גרין פֿון פֿעלדער פֿרייד.
בערד — פֿון בלאָען ליכט. היטלען — קרוינען פֿריילעכע קאָלירן.
פֿיאָלעטענע פֿידלען, פֿידלען רויטער גאָלד און פֿידלען געלער גאָלד,
גאָלדענע, גאָלדענע,
גאָלדענע צילן —
פֿאַר דער וועלט אין טומל,
פֿאַרן פֿאָלק אין טרויער, פֿאַרן פֿאָלק אין שׂימחה,
פֿאַרן מענטש אין צער און פֿרייד פֿון ליבשאַפֿט אָן אַן אָפּשטעל

**שפּילן — אַ כאַסענע פון לעגענדאַרישן נעכטן און וויזיאָנערישן היינט —**
**שפּילן, שפּילן**
**און ניט אופהערן — ווי ס׳הערן ניט אוף**
**צו שלאָגן**
**די הערצער פון די צוויי ביליאָן לעבעדיקע מענטשן. ווי ס׳הערן ניט אוף**
**צו פּאָרן זיך**
**די פּאָרן.**
**ווי ס׳הערן ניט אוף צו זינגען אַלע**
**וואָס ווילן אייביק**
**זינגען.**

„יידל מיטן פידל,
בערל מיטן באַס:
שפּיל מיר אוף אַ לידל״ . . .
**פון מאַרק ביז מאָנפּאַרנאַס.**

**יידל מיטן פידל**
**פון אָנהייב ביזן סאָף:**
**שפּילן אין קאַפּעליע**
**אייפּעס, פערד און שאָף.**

**יידל מיטן פידל —**
**פידל איז זיין ציל:**
**שפּילט די וועלט די גאַנצע**
**אַף פידעלעך און שפּילט.**

„יידל מיטן פידל,
בערל מיטן באַס:
שפּיל מיר אוף אַ לידל״ . . .
**פון מאַרק ביז מאָנפּאַרנאַס.**

אין שטעטל איז יאָמטעוו,
אין שטעטל איז פריילעך,
אַ ייד פון אַ גאַנץ יאָר
ווערט היינט אַ מיילעך.

דאָס שטעטעלע פאַרפּוצט זיך,
די קלייטעלעך פאַרשלאָסן,
דאָס שטעטל מאַכוטאָנים
פּאָרט באַגעגענען דעם כאָסן.

דאָס שטעטל האָט אַ טערעץ
אויסטאָן זיך פון זאָרג און אומעט,
ווערט יעדער ייד אַ פעטער,
יעדע יידענע — אַ מומע.

(„כאָטש אַן אָרימענקע, פּאָרט אַ מומע,
ניט קיין געבעטענע, אַליין געקומען״).

די קלעזמאָרים, אין די הימלען, סטראָיען זיך,
דער באַדכן פליט נאָך העכער.



**פירט שאַגאַל אַרויס דאָס שטעטל טאַנצן מיט דער כופּע**
**אַף די פליענדיקע דעכער.**

„תולה
ארץ
על
בלימה".

„כאַצקעלע, כאַצקעלע, שפּיל מיר אַ קאַזאַצקעלע!"

**פליט אַ שטעטל יידן אינדערלופטן —**
**ווי די ערד און ווי דאָס לעבן**
**זאָל זיין פון סימכע בעגילופין.**

**דער הימל האָט זיך צעעפנט**
**און פאַרפלייצט דאָס שטעטעלע מיט ליכט,**
**שמעקט שטעטלשער דאַלעס מיט יאַיען-געפען,**
**און עס גלאַנצן לעכערדיקע שיך.**

**(אַ ייד גייט אויס אַ וועלט**
**מיט קרומע שיך.**
**אַ ייד פירט זיין טאָכטער צו דער כופּע**
**מיט קרומע שיך.**
**דאַלעס איז דער קרומער שליאַך פון דער וועלט מיט קרומע קעפּ —**
**טאַנצט אַ פאָלק זיין נאַכעס אויס**
**מיט קרומע שיך.**
**און די קלעזמאָרים שפּילן כאַסענעס**

מיט קרומע שיך.
נאָר די פידלען זיינען גלייכע, בייגעווודיקע, דינע.



די באַנדורע גייט
מיט קרומע שיך,
נאָר גלייך זיינען די פיס, וואָס שאַגאַל האָט איר געגעבן —
ווי איר גלייכער גריף
און ווי איר פאָטערלעכער טיפער טאָן
וואָס האַלט־אונטער און באַשטעטיקט די אייביק־יונגע כאָכמע פון
די פידלען,

וואָס הייבן זיך ניט אָן צו רעכענען מיט די קרומע שיך
און זיינען נאָר פּאַרטאָן אין ברען פון האַרציקן עקסטאַז
פון יונג און אַלט, פּאַרטאָן אין ברען
פון אויסמאָלן זיך וועלטן גרינע, בלאָע, געלע, רעגנבויגנדיקע
הימל-טרוימען אַף דער ערד —
ווי עס מאָלט שאַגאַל).

און די קלעזמאָרים שפּילן שוין,
און דער באַדכן זאָגט שוין,
דאָס שטעטל מאַכותּאָנים גייען שוין
און דער אַלטער ווייטיק קלאָגט שוין:

„אוי, וויין, קאַלעניו, וויין,
אַף דיין נייעם לעבנסוועג
וועט דיר ניט פעלן קיין געוויין!״

די מאַכותּענעסטעס ברעכן אויס אין אַ געיאָמער
וואָס קען שטיינער רירן: ווי אַ כאָר געוויין
דעם באַדכן זאָל אַקאָמפּאַנירן.

שפּילט, קלעזמאָרים, שפּילט!

„ברוך הבא!
קול ששון וקול שמחה,
קול חתן וקול כלה —
ברוך אתה —
משמח חתן אם הכלה!״

די לעוואָנע גייט אַ פריילעכס אַף די דעכער.
די שטערן אַף די גאַסן טאַנצן אַ קאַדריל.
דער כאָסן האַלט אין האַנט דעם פולן בעכער
און ווינטשט זיך וואָס ער וויל:

„גילה רינה
דיצה חדווה״

פּערעצעס באָנטשע
און שאָלעם־אַלייכעמס טעוויע
פירן מענדעלעס יעסוימע צו דער כופּע. לעכאָ
דוידי, לעכאָ דוידי,
לעכאָ דוידי
ליקראַס קאַלאָ. און אַלץ וואָס
אין פידעלע שטעקט
צעגיסט זיך איבערן שטעטל מיט וויינענדיקע פריילעכס.
די מאַכוטאָנים וויינען. דער בייסמעדרעש וויינט.
נאָר דאָס שטעטל מיט די שטערן גייען
אין ליכטיקן שול־הויף אַ קאַראַהאָד, און די לעוואָנע
מאָלט
אַף די בייסמעדרעש פענצטער בילדער
פון מאָרגן און איבערמאָרגן. גילאָ
רינאָ
דיצאָ כעדוואָ: גאָלדענע לעגענדע
פון נאַקעטן דאַלעס. מאַזלטאָוו
מאַכוטאָנים, מאַזלטאָוו, מאַזלטאָוו
כאָסן-קאַלע.

לעבעדיק
שפּילט די קאַפּעליע. אַ שטוב
האָט ניט קיין סטעליע
נאָר ווי אַ שטאָט די גרויס — אַ דיל. שפּילט,
קלעזמאָרים, שפּילט.



לעבעדיק
שפּילן די קלעזמאָרים — אומעטיקע פריילעכס.
פליען פון די פידעלעך ווי פייגעלעך די טרוימען.
טוט אָן די לעוואָנע בלאָע פליגלען אַף פאַרבענקטע

אומעטיקע קוימענס. און די וועלט
קוקט, און איר איז שווער
באַנעמען
צי דאַרף זי זיך וואונדערן,
צי דאַרף זי זיך שעמען.

★ ★ ★

„לאָמיר מאַכן פון מיטוואָך שאַבעס״ . . .
רעב שלוימע מעג שוין
מיט אַ רואיק האַרץ האַוודאָלע מאַכן —
די האַוודאָלע וועט
שוין מערניט אָפּטיילן דעם שאַבעס פון
דעם אינדערוואָכן.

לוסטיקע קאָלירן האָבן אויסגעבונדן
דעם שאַבעס מיט דער וואָך, פאַרטראַכטע פאַרבן ווי צעשפּילטע יינגעלעך
טאַנצן אויס
דעם זונטיק־מאָנטיק־דינסטיק־מיטוואָך־דאָנערשטיק־און־פרייטיק־שאַבעס
אַף שולהויפן ווי מייאיקע בולוואַרן
אין וויטעבסק און מאָסקווע בערלין און פּאַריז טעלאַוויוו און ניו־יאָרק.

ליולינקע מיין ציגעלע,
ליולינקע מיין גאָלד.
פאַרבן זיינען שפּיגעלעך —
קוק זיך אָן, מיין פאָלק.

מיט אַ טאַלעס-זעקל קינעס גייט דער ייד
איבערן שטאָט.
די קינעס קלאָגן, נאָר דער ייד —
ער גייט און זינגט.
פון זיין קאַפּעלוש און קאַפּאָטע קאַפּעט שווערער צאַר,
נאָר זיין גאַנג איז אַ געדאַנק וואָס שפּרודלט מיט געזאַנג.
זיין פּאָנים שלאָגט זיך אָפּ אין טרויער פון דער שטאָט,
נאָר די אויגן טראָגן אין זיך אַלע צוזאָגן
פון וואַרטנדיקע וויטן.
דער קליינער, שווייגנדיקער ייד וואָס גייט
איבער דער שטאָט, איבער דער וועלט
איז אַ וויטער גייער און אַ טיפער טראַכטער, נאָר ניט דער אַלטער
וואַנדערער
איז ער.
ער גייט ניט זוכן בלויז
זיין מאָקעם מיקלעט,
ניט אָפּזוכן דעם ווייטסטן מיילשטיין פון זיין נאַווענאַד.
ער גייט

ווייל גיין איז טראַכטן און
דערטראַכטן זיך.
ער גייט, ווייל גיין איז זען און גיין איז — אָנקומען און זיין.
און זיין גיין איז פּאַשעט — ווי פאַר דעם געבאָרן.
און זיין גיין איז ריזיקע וואָס ווייס ניט פון געפאַר פון גיין
מאַמעש אַף מישקיילעס.



זיין גיין איז — הייך, הייך, „אויב ניט נאָך העכער״.
זיין גיין איז
אויג אַף אויג
מיט די שטיבער, מיט דער שטאָט,
אויג אַף אויג
מיט דער מאָדנער, מוירעדיקער, מעכאַיעדיקער וועלט, אויג אַף אויג

מיט דער שאַגאַליש אויסגעפּאַרבטער „סטעליע״
איבער דעם שטענדיק שפּילנדיקן קיילעך, —
אויג אַף אויג
מיט זיין באַשעפערס ליבער,
אויסגעפּוצטער טעמע — די וואַלדיקע, די גראָזיקע,
קאָלירן-לירישע — די מוזיקאַלישע
באַשטעטלטע
ערד.

אַ ייד גייט איבערן וואַלד און טראַכט
אַ ניגן.
כאַפּט דעם ניגן אוף דער וואַלד, און דאָרט
בלייבט ער שוין. און דאָרט איז ער אַף אייביק שוין
געבליבן.
און אַז אין וואַלד איז דאָ אַ ניגן — וואַקסן אויס
קלעזמאָרים הינטער ביימער
און בלייבן דאָ, און לאָזן שוין דעם ניגן מער
ניט אָפּ,
ווייל אָן דעם ניגן איז פאַר זיי ניטאָ דער וואַלד,
און אָן דעם וואַלד
איז פאַר זיי ניטאָ קיין פרילינג,
און אָן דעם פרילינג איז
פאַר זיי ניטאָ קיין וועלט.
און פון דעם ניגן זינגען שוין אַרויס נאָך אַנדערע

ניגונים,
איז אין וואַלד אַ שעפע אַף קלעזמאָרים.
און די ביימער אונטער וועלכע די קלעזמאָרים שפּילן
איז אַפן האַרצן גוט, און אַזוי די וועווריקעס,
די קראָליקעס. און אַ ציגעלע, אַ קעלבל, וואָס קען אַהער פאַרבלאָנדזשען
וועט שוין בלייבן דאָ,
ווייל זי דערשמעקט פאַר זיך אַ יונגע צוקונפט
מיט היימישע קלעזמאָרים און
ניגונים.
שפּילן די קלעזמאָרים
ווי געבאָרענע אין פרילינג־וואַלד
צו שפּילן פאַר דער אייביקער פאַרליבטער וועלט
וואָס באַשאַפן האָט
דער וויטעבסקער ייד —
מאַרק שאַגאַל.

„יידל מיטן פידל,
בערל מיטן באַס:
שפּיל מיר אוף אַ לידל״ . . .
פון מאַרק ביז מאָנפּאַרנאַס.



אופשטאַנד — הונדערט טויזנט הערצער צינדן־אונטער די שטאָט. הונדערט
טויזנט מענטשן טראָגן

די בּרענענדיקע שטאָט
אַף די קעפּ.
פלאַמענדיקער דראַנג צו בּרודערשאַפט צעשליידערט פרייד
אין כּיישעכדיקע ווינקלען

פאַרוויינט און פאַרזונגען פון אייבּיקער בּענקשאַפט צו פרייהייט.
הונדערט טויזנט הערצער — הונדערט טויזנט סרייפעס.
הונדערט טויזנט פּענימער — הונדערט טויזנט פאַקלען.



הונדערט טויזנט פּאָר פיס צערודערן די רישעס פון גרויזאַמען געזעץ.
אַלע הענט —
בּרענענדיקע בּאַיאָנעטן. אַלע אויגן — היטער, העלזעער און אָנזאָגער.
פּויערים, יידן, בּאָנדאַרעס, שמידן און קלעזמאָרים זינגען און זאָגן און שפּילן,
מיט די בּיקסן

אַף זיך, מיט די פידלען און פּויקן אַף זיך, מיט דער ליבּער,
ליידנדיקער וועלט אַף זיך — שפּילן און זינגען און שיסן. אַ ייד
אין אַ ווינקל — טראַכט שוין ווייטער —
ווי פריער —
וואָס וועט זיין שפּעטער? אַ ייד איז מיד
פון סרייפעס —
נעמט ער זיין פּעקל און זיין שטעקל און — אַ קוש די מעזוזע
אַף זיין בּרענענדיקער טיר.

אַ ייד איז מיד פון לויפן — וויל ער מיט טרערן אין אַ ווינקל
אויסלעשן אַ לאַנד מיט אופשטאַנד. און אַ ייד אין טאַלעס און טפילן זיצט
און דאַוונט אינמיטן אופשטאַנד —
מיטן סידער אַפן טיש, מיטן אָרעם אָנגעשפּאַרט אין טיש
פון דעם פלאַמיקן אָראַטאָר, וואָס קערט איבער זיין לייבונלעבן
איבערצוקערן די וועלט ווי ס'דאַרפצוזיין — דאַוונט, טראַכט
אינמיטן אופשטאַנד, זיכער —
ווי אינמיטן באַפרייאונג. און דאָס ציגעלע זיצט רואיק לעבן אים
און הערט זיך איין. דער הימל פלאַקערט. ווען דער הימל ברענט
איז ער די פרייהייט־פאָן

וואָס נעמט אַרום די וועלט.
פאָלק פלאַמט. פאָלק פליט. פאָלק פרייט זיך — פריי:
צו שטאַרבן פאַר דער פרייהייט פריי.
הענער און הינער און בליצלאָמפּן פליען. דונערן און בליצן
פון מענטשלעכע הענט.

איבערבאַשאַף — דורך מענטשלעכן קאָל.
פייפיאָלן און האַרמאָשקעס פליען. וואַנטזייגערס אין פלאַמען פליען.
לייטערס פליען

צו די הימלען. אַ פאָלק נעוויאים פליען. אַ פאָלק פליט
און פאַלט
און שטייט־אויף — און שטייט!
און דער סאַמאָוואַר שטייט זיך פון צווייטן זייט טיש און זידט און זידט
און זידט פאַמעלעך אונטער: באַלד־באַלד, נישקאָשע, באַלד —
די וועלט וועט זיך באַרואיקן, די שטאָט
וועט קומען גיך צו זיך —
וועט מען זיך אויסזעצן אַרום טיש
און טרינקען אַ גלעזל טיי.

פרייהייט — אַן אָפענע וועלט
דורך דורכזיכטיקע זומער־פעלדער פאַרבּ
וואָס פאַרבּינדן אַלץ מיט אַלע פרייע וועגן צו די הימלען — אַן אָפענע וועלט
מיט זוניקע זיידענע זעגלען
דורך דין-בּלאָע טויען צו פרייהייט. די קאַלע,
זיין אייבּיקע קאַלע פליט
אַף די פרילינג-פליגלען פון זילבּערנעם, זומערדיקן רוים —
צו די זויבּערע שטיקער הימל
וואו איר כאָסן מאָלט איר ליבּע נאַקעטקייט אַריין
און מאָלט עס דורך דער זון צונויף
מיט דער ליבּער נאַקעטקייט פון זומערדיקן טאָג.

פאָרמען — פלינקע, פריילעכע,
בּאַוועגלעכע,
טרוימענדיקע פאָרמען דערציילן אַ מייסע — טויזנט איבּער טויזנט
פאַלנדיקע שטערן,
טויזנט איבּער טויזנט
וואַנדערנדיקע שטראַלן, טויזנט איבּער
טויזנט ווייסע,
דורכזיכטיקע וואָלקנס, טויזנט טאָלן טוי
מיט טויזנט רעגנבּויגנס — אַלע מיטאַמאָל —דער רוים
פאַרפלייצט מיט פאַרבּן
אין פליענדיקע פאָרמען — דערציילנדיק און מאָלנדיק
אַ מייסע.

פּורים־שפּיל:
טעאַטער־טראַגעאַטער. (יידן זינגען גורל־טרויער מיט פלאַמפּייער פון ביטאָכן).
צירק:
טעאַטער־אַקראָבאַטער. (אַקראָבאַטן שפּילן צירק שטייענדיק
אַף שטייענדיקע פידלען). קונצנמאַכער מיט פידלען אַפן אָרט פון הענט.
אין יעדער שפּיל איז דאָ אַ ציל: אַהער, אַהין



**אַהין, אַהער:**
**אַהין אָדער אַהער. טויזנט פרייד־פֿייערן**
**אין איין ריר.**
**טויזנט טרויער־פֿאַרבן**
**אין איין טרער.**
„די וועלט איז אַ בינע״... **און אַזוי ווייטער און**



ווייטער: אַף אַלץ
וואָס לעבט
רוט די שכינע: אַפן וועוריק
וואָס שפּרינגט ריטמיש
דורך
די גראָזן,
ווי אַף דער פויערטע וואָס מעלקט
דעם גאָלדענעם אייטער פון דער קלוגער, גוטמוטיקער קו.
די שכינע רוט
אויך וואו מען דאַרף ניט —
און אַף דעם קלאָגט דער נאָווי און
דאָס פאָלק.
נאָר דאָרט האָט זי קיין אייביקע האַפט ניט.
ס'איז איינע פון די קלאָלעס פון לאַנגן, צייטווייליקן כאַאָס
וואו פאָלק און נאָווי אַרבעטן
אַף טאָלק — יעדער אַף זיין שטייגער.

פון דעם אַלטן כיידער — (אוי!) —
ביז זיין אויסטערלישן סיידער — (אַי!) —
פון דעם אַלטן שטייגער — (אוי, אוי, אוי!) —
ביז זיין טראַכטנדיקן זייגער — (אַי, אַי, אַי!)
וואָלד און וועוריק, פייגל, פערד און פיש און מאַלעך,
מענטש און אייזל,
בעהיימע
ציג און האָן — אַלעמענס
היימישער גוטמוט — אַלעמענס פרילינג־פענימער אין גרין און געל
און בלאָ און פיאָלעט

און די ליבע פון דער פרוי: גאָט אַליין
וואָלט דאָ זיין וועלטל ניט דערקאָנט.

אַ פידלער איז
אַ
פידל.
אַ פייקלער איז
אַ
פויק.
אַ באַנדוריסט איז אַ
באַנדורע.
אַ מענטש איז וואָס ער מאַכט און וואָס ער שפּילט
און אַ פּאָנים איז
אַ מאָסער.

אַ מענטש איז אַ שיינער כאָלעם. כאַליימעס פליען אין דער וועלט אַריין,
אין הימל אַריין —
פון גרויס סימכע —
פון זייער טקומע אַף דער ערד.

„תולה
ארץ
על
בלימה״.

זייגערס פליען — צוזאַמען מיט
דער צייט.
די ערד
פליט
און מיר פליען מיט.



קיינער גייט ניט ווי אַ מענטש: אונדזערע פיס
זיינען שווערע קלעצער
אַפן פלאַטערדיקן עק פון אונדזער פאַנטאַזיע. אונדזערע פּיס זיינען
זינקענדיקע אַנקערס
וואָס שלעפּן זיך נאָך
אונדזערע טויזנט פּאָר פליגלען און מיר פליען ווי
מעשוגאָים, ווייל די צייט פליט
שנעלער,

און מיר פליִען אַף אַלע פליגלען און אַף ברעכן האַלדז און נאַקן
אַף איר אָנצויאָגן,
אַריבער־איבער־איבער — איבעריאָגן.

זייגערס פליִען — צוזאַמען מיט
דער צייט.
קאַלירן שפּרינגען פון אַלע בערג און טאָלן
זיך צו שטעלן אַף זיין זייט.
פאַרבן פרייען זיך
צו לעבן אין זיין צייט.

„ההרים רקדו כאילים גבעות כבני־צאן“.

די ערד דרייט זיך
און ער מאָלט און באַמאָלט זי אין געדריי.
בערג שפּרינגען
און ער פאַרבט זיי
אין געשפּרונג.
סאָפּקעס היפּן איבער טאָלן ווי יונגע שאָף,
און ער פאַרבט און מאָלט זיי
אין געפּלי.

ווענט
האָבן אויערן, פעלדער האָבן אויגן.
ליכט
ברענען פאַרקערט —
לויט דער באַדערפעניש פון אַ פינצטער ווינקל אַף
דער ערד.
ליכט ברענען אַרויף, ליכט
ברענען אַראָפּ —
איבער־איבערגעקערט —
צו באַלייכטן הימל און ערד פאַר די
וואָס שוועבן
זייער לעבן אום
אינמיטן.
צווייגן וואַקסן פאַרטיקע פידלען.ביימער וואַקסן פאַרטיקע
קאַנדעליאַברעס.
דער הימל באַזעצט שטערן אַף ווייסע, שלאַנקע ליכט,
וואָס די לופט צינדט אָן מיט טיפן, דורכזיכטיקן רויט,
און די פלעמלעך ברענען ווי
ברענענדיקע פינטלען פון
פלאַמפייערדיקע הערצער.

„וואָס איז העכער
פֿון אַ הויז?
וואָס איז פֿלינקער
פֿון אַ מויז״.
**אַ קינד איז העכער פֿון אַ הויז.**
**אַ קינדס פֿאַנטאַזיע איז פֿלינקער פֿון אַ מויז:**
**שפּילט און שפּילט — דערשפּילט זיך צו איר ציל:**
**פֿליענדיקע העלדן אַף טעפּיכער, פֿערד און פֿי**
**ניט דאָ — אַלץ ווייטער — ווייט פֿון דאַנען**
**— טעפּיכער — „פֿלעדערמייז״ — „שלאַנגען״ —**
**פּאַפּירענע עראָפּלאַנען — קינדער וואַקסן אין**
**פֿאַנטאַסטישן געפֿלי.**

**וואָס איז לייכטער**
**פֿון וואָלקן?**
**די פֿאַרליבטע פּאָרלעך.**
**אַף די פֿאַרבן-כוואַליעס בײַ שאַגאַלן**
**זײַנען לייכטער פֿון וואָלקן.**

**וואָס איז לייכטער**
**פֿון זעפֿירן?**
**אייזלען, בערן, קי און פֿערד און ציגן**
**אַף פֿליגלען פֿון שאַגאַלס קאָלירן**
**זײַנען לייכטער פֿון**
**זעפֿירן.**

מעכאַשעף
פון שיינקייט וואָס איז גוטסקייט און גוטסקייט וואָס איז שיינקייט.
מעכאַשעף פון ברייטהאַרציקע וועלטן וואָס וואַרטן אָפּן
אַף אַלעמען
וואָס זוכן זיך אַליין אַרום אין שווערע נעפּלען.
מעכאַשעף פון פליענדיקע פאַרבן־רוימען וואָס וויקלען איין
די פאַרוויינטע ערד
און פלאַטערן פאַר אַלע פענצטער פון דער וועלט
מיט דער ליכטיקער, זומערדיקער ליבשאַפט פון אַ פריילעכן באַשעפער.

צויבערוואַלד און צויבערכאַיעס. צויבערוואַלד
און צויבערהימלען. צויבערוואַלד
און צויבערטייכן, צויבערפייגל, צויבערפיש,
צויבערוואַלד און צויבערמענטש,
צויבערפאַרבן בערג די הייך, וואָלקנהייך, טאָל די טיף
און טייך די טיף
און פעלד און יאַם די ברייט.

די מייסע פון אַלעקאָס ליבע צו זעמפיראַן,
די וואונדערמייסע פון אַ ליבע אין דעם פייערפייגל
זיינען פליענדיקע פילמען פון זומערדיקער צויבערוועלט
איבער הימלען,
וואָס שאַגאַל האָט אויסגעמאָלן און אַראָפּגעבראַכט
אַף אונדזער ערד.

אַלע פאַרבן פון אַלע ליבעס אַף דער ערד
שפּילן אין דער ליבע פון וויטעבסק — שפּילן זיי
אין אַלעקאָס צויבערוועלט
און אין פייערפייגלס צויבערוואַלד.

אַף ווייכער, ווייסער גוטסקייט פון אויסגעבעטן שניי
ליגט דער קלעזמער אין בלאָ און רויט און גרין פון כאַסענעס און טרוימען.
זיין גרינער ראָק, בלאָע הויזן און רויט היטל זיינען שטיקער פרילינג
אַפן שניי.
זיין גוטער פּאָנים איז די גוטסקייט פון דער ווייסער נאַכט.
זיין גוטער פּאָנים איז די טיפע , זיסע, גוטהאַרציקע כאָכמע פון זיין פידל
לעבן אים.

זיין גוטער פּאָנים איז די ליבשאַפט צו זיין שטעטל
הינטער אים.

די בלאָע שטוב אינמיטן שטאָט איז די נעשאָמע פון
גרויסברודערישער גוטסקייט צום לעבן. שטיקער דאַך
הענגען ווי
צעבראָכענע פליגלען. נאָר אין דורכזיכטיקן בלאָ
קען זיך ניט אַריינמישן קיין פאַרב פון ייעש.
וואָס ס׳הויזגעזינט באַדאַרף
איז אין שטוב, ווייזט אויס, ניטאָ. נאָר אַזוי לאַנג
ווי די שטוב שטייט
און איז אינגאַנצן בלאָ —
איז די גאַנצע האָפענונג נאָך דאָ.
און די גרינע שטוב מיטן אויג
אַף איר שטערן אונטערן דאַך
קוקט אַרויס אַף דער וועלט מיט דער האָפענונג פון דער דורכזיכטיקער בלאָער
שטוב.
און די קליין קיעלע פון זיידעס שכיטע — לעבט,

און ליגט אינעם טרויער פון דעם איינזאַמען ייד מיט דער איינזאַמער טוירע
מיט דער איינזאַמער פידל אונטערן איינזאַמען מאַלעך איבער זיי, — און טרוימט
דעם איינזאַמען טרוים פון אַ פאָלק אין גאָלעס, אין מידבאָר, אין קיינעמסלאַנד
אינדערלופטן.



און ברענט די וועלט
צווישן הימל און ערד: דער מאַלעך פאַלט,
דער ייד לויפט — לעשן, ראַטעווען —
לויפט זי צווישןביידן דורך די פלאַמען און שרייט
מיט אַלע קויכעס: ר אַ ־ ט ע ־ ו ו ע ט ! — ווי די ציג
און דער האָן און די פידל
מיט די היימלאָזע, מיט די מאַרטירער.

פון דעם אַלטן כיידער — (אוי!) —
ביז זיין אויסטערלישן סיידער — (אַי!) —
פון דעם אַלטן שטייגער — (אוי, אוי, אוי!) —
ביז זיין טראַכטנדיקן זייגער — (אַי, אַי, אַי!)

איז באַם אייזעלע אין בלאָע הייזלעך און אין געלן העמדל
שטענדיק יאָמטעוו.
איז באַם בערעלע מיטן גרינעם היטל שטענדיק סימכע.
איז באַם פערדל מיטן היספּיילעסדיקן פּאָנים דאָס פליען אין די הימלען
אַ טאָגטעגלעכע געדולע.
און דאָס קעלבל און די ציג — איז הוליע קאַבצן! — אַי,
ווען מען לאָזט נאָר לעבן.

לאָזט דאָס אייזעלע ניט אָפּ זיין פידל,
לאָזט דער בערעלע ניט אָפּ זיין פידל,
און דאָס פערדל, און דאָס קעלבל און די ציג — רירן זיך ניט אָן די פידלען.
און זיי קוקן אין די אויגן דער ערנסטער באַנדורע — טמימעסדיק פּאַרליבטע יינגלעך

אין פריילעכער קאַפּעליע — וואַרטן
ס'זאָל דער טאַטע געבן זיי אַ טאָן.

בליט אין בלאָער נאַכט
דער גרינער מאָן.
זינגט אין בלאָער נאַכט
דער רויטער האָן.

פריילעך: דאָ הערשט די גוטסקייט פון דער צויבערמאַכט
וואָס איז געקומען אַף איר אויפן איבערמאַכן די וועלט
מיט אַ לייכט האַרץ
און מיט אַ לייכטער האַנט.

וועט ער מיט זיין קאַלע קיינמאָל זיך ניט שיידן.
וועט „דער נאַקעטער וואָלקן״ — דער טויט —
דעם „גרינעם טרוים״ ניט באַזיגן: געדיכטער געל
וועט ניט בייקומען
דורכזיכטיקן גרין.
דער בלאָער טרויער באַם טויטנבעט און די גרינע קו
מיטן פידל
זיינען יינגערע מאַכט ווי דער וואָלקן.
וועט ער ניט איבערלעבן דעם גרינעם טרוים,
ווי די אַלטע נאַכט
קען ניט דערשטיקן דעם יונגן האָן
וואָס שטערט די פינצטערע מאַכשאָווס פון אירע פלעדערמייז —
מיט זיין זיגרייכן וועקן דעם מאָרגן.

דערפאַר בליען זיינע בילדער.
דערפאַר זיינען די וואַלד-כאַיעס אַזוינע היימישע קלעזמאָרים.

נעשאָמע יעסיירע פון געניאַלן אַנדערש.
נעשאָמע יעסיירע פון איבערגעפּאַרבטער וועלט.
נעשאָמע יעסיירע פון גאַנצער, פּאַרליבטער
מענטשלעכער גוטסקייט — צו באַקליידן ערד און מענטש און זאַכן ווי מען דאַרף
לעקאָוועד יאָמטעוו: אויספּוצן
די ציגן און
די קי
די אייזלען און
די פערד.
אָנסטראָיען די העגער ווי
די קלעזמער,
איינטיילן מענייערעס, פידלען, פייפיאָלן, אָנקליידן דעם באָק
אין פרילינג־גרין,
אָנטאָן אים צוויי שטיקער הימל — אַ פּאָר פליגלען,
געבן אים
צוויי פיס ווי מיינע,
אין האַנט אַ בעכער
מיט אַלע טאַמען פון געמישטע וויינען
און זאָל ער גיין, און זאָל ער פירן — זאָל דער פּאַראַד
פון טאָגטעגלעכן יאָמטעוו זיך רירן
מיט די אָנגעצונדענע גייענדיקע גאַס־לאַמטערנעס מיט מענטשלעכע פּענימער
פון עק וועלט
ביז עק וועלט.



די ערשטע זעקס טעג פון בעריישיס
זיינען געווען אַ גוטער אָנהייב. דאָס איבעריקע — האָט דער בוירע אוילעם
זיך פאַרלאָזט אַף אונדז.

לייגט יעדער איינער צו אַ האַנט —
לויט זיין גוטהאַרץ און זיין פאַרמעג.

האָט שאַגאַל גענומען די
זעקס טעג, און אַלץ וואָס מענטשנקינדער ביז היינט האָבן באַוויזן:
דעם יעהי אויר,

דעם הימל איבער אָדאָם און כאַווען, די ערד
אונטער נויעכס קאַסטן נאָכן מאַבל, די טויב, די ציג,
אַן אייזל, אַ בער, אַ פערד, אַ קו,
אַ האָז, אַ וועוורים און אַ האָן;
יעשוע בען נונס גלויבן אין זיך, יירמעיאָהעס געדולד,
אָדאָמס דראַנג,
ייסראָעלס פייערזייל פון מידבאָר, אַלע פידלען פון
די ווערבעס,

יאַנקעווס לייטער, און זיין אייגענע
גרויסע ליבשאַפט צו דער וועלט,
זיין זיידע, טאַטע־מאַמע, די אוינעגשאַבעסדיקע שטוב, זיין שטאָט מיט יידן,
און באַשקען האָט גאָט צוגעשיקט,
און אידאַ ז׳אָנגעפלויגן, און אַזוי,
אַזוי האָט מיט וויטעבסק, מיט וויטעבסק זיך אָנגעהייבן איבעראַנייס
אַ בעריישיס.



גאָט האָט אָדאָמען באַשאַפן שוין נאָך אַלעמען — אַפן זעקסטן טאָג. שאַגאַל
באַשאַפט די וועלט, די מענטשן און די ליבע און די כאַיעס און
די פידלען אין
דער זעלבער רעגע וואָס ער נעמט די פענזלען
און די פאַרבן אין די הענט.
נאָכן זעקסטן טאָג — נאָכן זעקסטן, לעצטן זאָג „קי טאָוו״ —
איז נאָך היפּש געבליבן פון דעם טויהו — און עס נעמט
אַד האַיאָם ניט קיין סאָף. שאַגאַל באַווייזט דעם אייבערשטן
דעם צויבער פון
האַרמאָניע פון אַלץ און אַלעמען איניינעם.

די האָריזאָנטן
געהערן
צום אייבערשטן. נאָר די מיראַזשן אַף זיי
זיינען שאַגאַלס.
קוקט
אַף דעם גרענד קעניאָן באַגינען-בּאַטאָג-פאַרנאַכט מיט אַלע זיינע פערצנטויזנט
ליכט און פאַרב סורפּריזן, קוקט
אַף דעם וואונדער
באָרעאַליס —
וועט איר דערזען
ווער שאַגאַל איז.

דער גוטמוט פון די אָוועס, די כאַשיוועס און נאָבלקייט
פון די געפּייניקטע נעוויאים,
די האַרציקע צאַרטקייט פון די גיבוירים, די שיינקייט פון דעם יונגן יויסעף
און די גוואורע פון

שולאַמיס ליבע,
די דיכטערישע שעפע פון דער ביבל און דאָס געזאַנג
פון די דערלייזער
טוען זיך פון אים ניט אָפּ.
מיט יעדערן פון זיי איז ער געווען אַף זיין שעליכעס —
און זייערע הערלעכע געשטאַלטן און מייסים אויסגעמאָלט
אַף אונדזערע ווענט אַף אייביק:
ער איז צוריקגעקומען פון יעהודאָ, באָוול און מיצראַים
און אַווראָהאָמען און ייצכאָקן און יאַנקעוון און סאָרע, ריווקע, ראָכל
און מוישע און אַרן, און דאָוויד און שלוימע,
און שאָעל און אַוושאָלעם,
און יירמעיאָהו האַנאָווי, און עליאָהו האַנאָווי און דאַניעל
און יעכעזקל, און יעשוע בען נון האָט ער געפונען און
דערקענט — נאָך נעענטער דערקענט —
אין זיין היימשטאָט וויטעבסק.
אָט זיצט
יירמעיאָהו,
און אָט איז דער פעלדז לעבן אים: ווער איז
שטאַרקער, ווער איז
אייביקער.
ווער עס קען זיין אייגענע היימשטאָט און זיינע ייִדעס, יידן אין מאַרק,
אין וואַרשטאַטן, — יענער ווייס אַליין
דעם ענטפער.

צווישן זיי איז ער אַליין דער יונגער יויסעף
מיטן דורכזיכטיקן פּאָנים
ווי די זון
דעם ערשטן טאָג וואָס זי האָט זיך פאַר אונדז באַוויזן.
און די ציג
וואָס איז אַן אויסגעבאָדענע אַרויסגעפלייגן פון די ווייסע וואָלקנס
שטייט און כאָלעמט יויסעפס כאָלעם
צאַרט
אַזוי ווי ער,
ליב
אַזוי ווי ער — און ווי ביידנס באַשעפער.

אַלץ אַף דער וועלט
וואַרט אַף מאָשיעכן.
אַלץ וואַרט אַף אַ דערלייזער: גאַלילײ
באַפרײט די פּלאַנעטן.
קאָפּערניק
באַפרײט די ערד.
מאַרקאָני און פּאָפּאָוו
באַפרייען די לופט.
פּראָמעטײ און עדיסאָן און שטיינמעץ באַפרייען דאָס ליכט.
איינשטיין באַפרײט דעם גאַנצן הימל שטראַלן אין טריליאָנען ריכטונגען.
מוישע
באַפרײט זיין פאָלק. לינקאָלן
באַפרײט די שקלאַפן. מאַרקס באַפרײט
דאָס פאָלק
פון אייביקע אילוזיעס. לענין
באַפרײט זיין לאַנד און אַלע זיינע פעלקער. מאַיאַקאָווסקי און
וואָלט וויטמאַן
באַפרייען דאָס ליד.
סטאַלינס פאָלק באַפרײט די וועלט
פון נאַצישן פאַרמעסט.
פּאַסטער און מעטשניקאָוו און ערליך
באַפרייען די מענטשהייט פון פּלאָגן. שאַגאַל באַפרײט
דעם מענטש מיט אַלע פאַרבן אַרום אים
פון באַוועגלאָזן אינערגעצניט. שאַגאַל באַפרײט דעם וואַלד
פון מוירע פאַרן מענטש
און דעם מענטש — פון מוירע פאַרן וואַלד.

אַלץ אַף דער וועלט
וואַרט אַף מאָשיעכן. אַלץ וואַרט
אַף אַ דערלייזער. נאָר די וואָס קענען ניט פליען ווילן לערנען אייך
די טוירע פון קריכן.

די זון
פאַרגייט ניט בײַ
שאַגאַלן.
די זון איז זיין פּאַליטרע. דער וואַלד איז
פריילעך
בײַ
שאַגאַלן.
די ביימער ווילן ווערן זיינע באַרשטן — פון די ווערבעס ביז
די דעמבעס,
פון ווייסרוסישע בעריאָזקעס ביז בולאָנער בערעוונעס
און פּאַלעסטינער פּאַלמעס. בײַ שאַגאַלן לעבט
דער טרויער
פון יידישן צאַר
אַ באַרעכטיקט לעבן — טרערנלאָז און שטאָלץ — ער שפּילט בײַ אים
אַף מאַטעווע
זילבערנע קלאַרינעטן
אינמיטן אָפּגעריסן-אָפּגעשליסן שטעטל, איבער דער כופּע
בײַ דער שול
באַזעצט
מיט אַ פּולער, מאַזלדיקער לעוואָנע, „גילאָ רינאָ
דיצאָ כעדוואָ".
שאַגאַל קושט זיך
מיט זיין קאַלע
ווי די זון
קושט זיך מיט דער ערד — אַרום און אַרום — אין אַ ראָד,
אין אַ קרייז, אין אַ רונדיקער ראַם
אינדערלופטן.

שאַגאַלס זייגער
הינקט אַף אַ פוס, נאָר גייט
אַ גלייכן גאַנג,
כאָטש די צייט, די וואונדערלעכע
צייט איז —
עפּעס ניט אינגאַנצן. די ציפערבלאַט —
אַ גרויס
פאַרמאַטערט אויג
פון אַן אויסגעהאָרעוועטן ייד, — אַן אויג די גרויס ווי אַ לעוואָנע —
וואָס קוקט איראָניש, קלוג, מיט קלאָרער ריע
אַף דער וועלט, —
וואָס הערט ניט אוף באַוואונדערן איר עלטער, וואָס גיט ניט אוף
איר יוגנט, און שפּיגלט זיך
אין פאַרבנשפּילנדיקן ציפערבלאַט
פון שאַגאַלס ריכטיק אָנגעשטעלטן זייגער.

דעכער זיינען פליגלען באַ
שאַגאַלן.
טויזנט פליגלען איינגעבראָדערט אין איין פלי.
אַף די פליגלען גייט דער ייד
איבער דער שטאָט, איבער דער וועלט.
אַף די פליגלען פליט זיין קאַלע צו
איר כאָסן.
אַף די פליגלען פליען יידן אין מאַרק אַריין, אין שול אַריין
אין מערכעץ, אין אַן אופשטאַנד, אין אַ סרייפע.
אַף די פליגלען שטייט די שטאָט, אַף די פליגלען שטייגט די
שטאָט
פון וואָכעדיקייט צו יאָמטעוו.
אַף די פליגלען שטייט דער קוואַל פאַרב
מיט וואָס ער פאַרבט די וועלט.
אַף די פליגלען גייט
דער זייגער
איניינעם מיט דעם ייד.
אַף די פליגלען שטייט די כופּע
וואָס
דערפרייט די נאַכט אין אומעטיקן שטעטל. לעכאָ דוידי גילאָ,
לעכאָ דוידי רינאָ,

לעכאָ דוידי דיצאָ, לעכאָ דוידי כעדוואָ. לעכאָ דוידי ליקראַס קאַלאָ.
אַף די פליגלען

האַלט זיך אוף דער גלויבן אין
די טרוימען
פון מענטש און פאָלק, אַף די פליגלען שטייט
די וועלט.



פאַרב פון פולער האַנט לייגט זיך אויס
אַף ליכטיקע, לעבעדיקע לייוונטן — יונגע, היימישע קאָלירן, מענטשן
אָנגעטאָן אין יונגן זומער-גרין פון וואַלד
אין שטעטלדיקן עלטער פון אייביקן קיעם, אין שיין פון שאַבעס און
געזונטער וואָר פון וואָך, מענטשן איינגעהילט
אין שטיקער הימל — בלאָ און בלאָ און בלאָער, אַרומגענומען מיט אַ שטיק
אָטעמדיקער ערד — גרין און גרין
און גרינער. מענטשן
אָנגעטאָן אין טרוים-קאָלירן — בלוט און פלייש
פון ווייטקייטן געוואָרצלטע אין ווירקלעכקייט, פאָנען-פאַרב
פון אידעאַלן, קאַמפן, דורכפאַלן
און זיגן. מענטשן,
ביימער,
שטיבער, הענער, קי און שטעט, מאַלאָכים, פייגל, פערד און פיש
און ציגן — שטעט מיט פאַרב און קלעזמער און ניגונים —
די גאַנצע ערד קאָלירן קומט צו אים —
זיך אָרגאַניזירן
אין זיין יונגער, יונגער מייסע אייביקייט.

שפילנדיק און ליידנדיק
גייט אַ ייד אַ טענצל,
שפילנדיק און זוכנדיק
גייט אַ ייד אַ גאַנג,
בעניאָמען מיט זיין סענדערל, מענאַכעם מיט זיין רענצל,
דער עלטסטער פון די „ברידער" מיט דער שלאַנג.

וויטעבסק איז געקומען אַף
דער וועלט
מיט שאַגאַלס פאַרליבטע כאָסן־קאַלע און די וועלט
וויל שוין זיין ניט אַנדערש ווי
די וויטעבסק וואָס
עס וויל שאַגאַל.
און דער ווילן פון זיין שטאָט איז
דער רויטער האָן, וואָס קוקט אַראָפּ מיט שטאָלץ און כאָכמע
אַף דער וועלט
און דער יונגער קלעזמער וואָס שפּילט
אין יעדן יעדן ווינקעלע
וואָס הערט זיך צו, וואָס הערט זיך איין. און אַלע, אַלע ווינקעלעך
פון וואַלד און וועלט הערן באַ
שאַגאַלן
די שטעטלדיקע קלעזמער אָן אַן אופהער, אָן אַן אָפּשטעל,
אָן אַן איבעררייס, אָן אָפּכאַפּן
דעם אָטעם — שפּילן, שפּילן,
שפּילן כאַסענעס.

קאָלירן שלאָגן זיך — זיך צו דערשלאָגן צו
האַרמאָניע. שאַגאַלס קאָליר־געשלעג
איז אַליין האַרמאָניע. פרידן
אין טויזנט פאַרב־קאָנפליקטן. פולער וועלט־פרילינג
פון גאַנצער, אָפענער
שמעקנדיקער ערד. דער סאָד
פון ווינטשפינגערל
צו די קאָלירן־וואונדער פון דער וועלט. טעאַטער
דע ל'אַרטע
אַף אַלע ווענט, אַף אַלע דעכער. שפּילנדיק
און ליידנדיק
גייט אַ ייד אַ טענצל, שפּילנדיק
און זוכנדיק
גייט אַ ייד אַ גאַנג. שפּילנדיק און שפּילנדיק
טייטשט ער אויס די וועלט ביז מינדסטן גרעזל
און לאָזט איר גאָרנישט, גאָרנישט, גאָרנישט איבער
ווי געוועזן.

די וועלט
קען ניט ווערן אַלט. צו לעבן —
מוז זי ווערן ייִנגער — און זי ווערט.
אַזוי די ערד, אַזוי די שטערן,
אַזוי דער שטאַט, די שטאָט, די היים, דער גאָרטן, די באָד און די שטאַל,
אַזוי זשעני
וואָס ליגט אין ביכער און אין בילדער, מאַרקס אַזוי,
איינשטיין, און אַזוי —
שאַגאַל. און וויטמאַן
ייִנגער ווערט מיט יעדן טאָג — ווערט ייִנגער אויך
אַמעריקע. און די זון
צו מאַיאַקאָווסקיס פאָלק
קומט יעדן טאָג אַן ייִנגערע, ווי ער אַליין ווערט
ייִנגער
אינייִנעם מיט
זיין פאָלק.

צווישן הימל און ערד — אינדערלופטן — האַרט
בײַ דער ערד. צווישן הימל און ערד — אינדערלופטן — פעסט
אַף דער ערד:
אַ וויטעבסקער ייד — קען ניט איבערלאָזן
וויטעבסק.
אַ פּאַריזער פראַנצויז



קען ניט אַרויס פון פּאַריז.
דער ניו־יאָרקער קלעטערט העכער, העכער צו
די הימלען, און וואָס העכער — טיפער אַלץ
גראָבט ער זיך אַריין אין דער
ניו־יאָרקער ערד.

דער מאָסקווער וויל די ראַכוועס און
די וואונדער, די הויכקייטן, די לויכטקייטן
און לייכטקייטן
פון אַלע הימלען — אַף
דער ערד.
צווישן הימל און ערד — אינדערלופטן. שאַגאַל
פליט
ווייל די גאַנצע ערד זיינע
האַלט זיך אויף אַף פליגלען.
ווייל ער איז זיכער מיט דער ערד
אונטער זיינע פיס. שאַגאַל פליט
ווייל זיין גרויסע ליבע צו די הימלען קען אים ניט אָפרייסן
פון זיין ערשטער, גרעסטער ליבע צו דער ערד.
צווישן הימל און ערד — אין ווייסן אינדערלופטן. ווייס
און שוואַרץ. ניטאָ קיין
שוואַרץ.
ווייס — אַ פולע וועלט. ווייס איז ווינט,
יאַם, הימל, רוים, ליכט, ראַכוועס — ברייט,
זעאונג — טרוימערס מעהאַלעך
אַהינטער די
ווייטע-ווייטע-ווייטסטע האָריזאָנטן. ווייס
אַ פולע וועלט
אַן אָפענע — גרייט
פאַר אַלע פליגלען פון
דער פליענדיקער ערד מיט דער זון אַף
פליגלען,
מיטן ווינט אַף
פליגלען,
מיט די הימלען וואָס פליען
פאַראַלעל מיט דער
פליענדיקער ערד.

שאַגאַלס ווייס
מאָלט. זיין שוואַרץ איז בלויז אַן אָנדייט אַף אַן אָנשפּאַר פאַר
געמעל.
שאַגאַלס ווייס איז
די גאַנצע וועלט-קאַנווע וואָס ער שטרייכט אונטער: אָט אַ
פינטל, אָט אַ
שטריך,
אַ פּאַסיקל, אַן אָנדייט אַף
אַן אָנונג. ווייס
מאָלט. שוואַרץ — באַדינט.



פרייהייט — ווייס אַף ווייס
ווערט וואונדערוועלט
אין זיינע פינגער. ווייס אַף ווייס —
די שווערע וועלט
ווערט גרינגער פון
די גרינגסטע זילבער־וואָלקנס
אַף זיינע הימלען — באַזעצט
מיט זיינע פרילינג־פרימאָרגנס פון אויסגעשלאָפענע, אויסגעבאָדענע
דורכזיכטיקע מיידל־פאַרבן — די ערשט־געבאָרענע
פאַרבן
פונעם ערשטן טאָג וועלט —
אין אַמאָליקן טויהו,
אין היינטיקן וויטעבסק.

שאַגאַלס ערד
הייבט זיך אָן פון דריטן פּאָליוס — וויטעבסק —
און קייקלט זיך
דורך אַלע זיינע פאַרבן, וואָס מאָלן אויס אַ לאַנדקאַרטע
פון איר, אַ לאַנדקאַרטע
וואָס ווערט דערקענט
אין לאָנדאָן און יאָהאַנעסבורג, אין ביראָפעלד און מאָסקווע,
אין ניו־יאָרק און אין פאַריז און אין רעכייוועס
ווי אין וויטעבסק.

וויטעבסק איז כאָרעוו. כאָרעוו איז פּאַריז. שאַגאַל
נעמט ניט אָן קיין כורבן. זיין שטאָט שטייט
אַף די פליגלען פון
זיין ערד, וואָס האַלט זיך אוף אַף פליגלען.
שאַגאַל מאָלט



זיין וויטעבסק ווי געווען און ווי ס׳וועט זיין — זיין געווען
און זיין וועט זיין. אַזוי
אייביק לעבּט אַ שטאָט,
אַזוי,
אייביק לעבּט אַ וועלט, אַזוי
גייט גאָרנישט אונטער. גאַנץ וויטעבסק ווייס פון דעם:
כאָרעוו איז

גאַנץ וויטעבסק, זיין וויטעבסק איז פריי — מיט זיין גאַנצן ליבן לאַנד אַרום.
כאַרעוו איז פאַריז. פאַריז איז פריי — מיט זיין גאַנצן ליבן לאַנד אַרום.
גאַנץ וויטעבסק בויט זיך ווידער, ווי ס'ווילן די וויטעבסקער יידן,
ווי עס וויל שאַגאַל. און אַזוי לאַנג ווי וויטעבסק לעבט
וועט לעבן אַף דער ערד פאַריז
און די גאַנצע ליבע וועלט אַרום.

ניטאָ קיין
אונטערגאַנג. קיין זאַך
גייט דאָ ניט אונטער: דאָ פירט זיין גוטע, שפּילעוודיקע
קלוגע
ברודערלעך-דיקטאַטאָרישע האַנט
אַ וועלט אַף אייביק
אַ באַזינטע, אַ באַזונטע:

האַמכאַדייש . . . וואָס באַנייט, בעטואוואוי . . . מיט זיין גוטסקייט . .
בעכאָל יאָם . . .
יעדן טאָג, מאַסיי . . .
די מייסים
בעריישיס . . . פון אָנהייב.

## לעגענדע ג.

און דער בוירע־אוילעם קוקט אַריין אין שאַגאַלס וועלט־אַטעליע:
צי איז דאַ זיין נאָמען ניט דערמאָנט לאַשאָוו,
און ער דערזעט זיינע פּאַרפוצטע באַשעפעניש, די פייערלעכע פרייד
פון כאָסן־קאַלע סימכע,
אַ מאַכוטן אָן אַ פּוס — מיט שאַגאַלס אַ פידל ווי אַ קוליע
און די פּאַרביקע קאַפּעליע — און ער באַווילִיקט
נאָכאַמאָל — אַ זיבעטן —
**קי טאָוו.**

## ערן־קאָמיטעט:

**מנשה אונגער**
רעדאַקציע־סעקרעטאַר „אייניקייט“

**אברהם ביק**
רעדאַקציע „ניי־לעבן“

**בען גאָלד**
פּרעזידענט „מארגן־פרייהייט“ אַסאָסיאיי־שאַן; פּרעזידענט פאַריערס אינטערנעשאַ־נאַל יוניאַן סי. אַי. אָ.

**ב. צ. גאָלדבערג**
פּאַרזיצער יידישער שרייבער קאָמיטעט, רעדאַקטאָר „אייניקייט“

**א. דזשענאָפסקי**
נאַציאָנאַלער סעקרעטאַר „איקאָר“

**ז. וויינפער**
נאַציאָנאַלער סעקרעטאַר „איקוף“

**ראובן זאַלצמאַן**
גענעראַל סעקרעטאַר יידישער פּראַטערנאַ־לער פאַלקס־אָרדן

**משה כץ**
רעדאַקציע־קאָלעגע „יידישע קולטור“, „ניי־לעבן“

**נחמן מייזיל**
רעדאַקטאָר „יידישע קולטור“

**קלמן מרמר**
פּרעזידענט „איקוף“

**פּ. נאָוויק**
רעדאַקטאָר „מארגן־פרייהייט“

**דר. אייזיק קלומאַק**
רעדאַקציע־קאָלעגיע „יידישע קולטור“

## קאָאָרדינירקאָמיטעט:

אברהם לעכאָוויצקי　　גדליה סאַנדלער　　פּ. נאָוויק

---

**מילבוירן, ניו־דזשוירזי**

מר. נ. דראַפּקין

**נאָרד האָדסאָן, ניו־דזשוירזי**

נאָרד האָדסאָן קולטור קלוב

**נאָרפאָלק־פּאָרטסמוט, ווירדזשיניע**

מר. און מרס. אייב דאָברינסקי
מר. און מרס. מאַקס מאָס
מר. און מרס. לואי ראָזען
מר. און מרס. דייוו שליטץ

**ריטשמאָנד, וואַ.**
לאָדזש 92, א. פּ. פּ. אָ.
ראָבערט פּערלין

**נואַרק, ניו־דזשוירזי**
מר. הערמאַן ריגאַרד

**פּאַסייק, נ. דזש.**
וועלוול קוסטין

**פּאָל ריווער, מאַס.**
מר .און מרס. נייטען קויש

**ניו־יאָרק, נ. י.**
מר. דזש. אָלשאַנסקי
מר. מ. באַרקין
מר. און מרס. דזשעק באָומעל
לואי און מינאַ האַרקאָווי
דזשייקאָב וואָלטערס
מר. און מרס. סאָלאָמאָן ווינער
לייבוש און ריווע ווייס
זאַקי און אסתר זכריה
מאָריס ליבהאָבער
סאָלאָמאָן מאָסקאָוויץ
מר. הערי סטוירן
אָלטער קאַזאַן
יויסעף ראַסקאָב
דר. ל. שאַצאָוו
מר. סעם שיינקין

**ראַוועי, ניו־דזשוירזי**
מר. און מרס. אברהם באָומעל

**שיקאַגע, איל.**
מר. חיים פינק

**קליוולאַנד**
מר. און מרס. שימען קורץ
מר. און מרס. נעד קעס

**פילאַדעלפיע, פּאַ.**

דאָוויד קורץ מישפּאָכע קרייז
מר. און מרס. יאַנקל קורץ
מר. און מרס. כאַים קורץ
מר. און מרס. נאָכעם קורץ
מר. און מרס. עליע קורץ
מר. און מרס. דאָוויד קור
מר .און מרס. מיכל ראָם
מר. און מרס. לואי שוואַרץ

**יאָנגסטאַן, אָהייאָ**

מאָריס און ענע בין

**דאַלאַס, טעקסעס**

סעם גאָלדבערג

**וועסט ניו־יאָרק, ניו־דזשוירזי**

מר. און מרס. מילטאָן מאַנספעלד

**מיאַמי, פלאָרידע**

מר. און מרס. מאָריס גיסנעט
מאָריס און מרים קאָופמאַן
מר. ליאַ ראָוז

# פאַרלאַג „מיינע לייענער"

דאָס איז דער ערשטער באַנד פון פינף נייע ביכער פון אַרן קורץ, וואָס ווערן אַרויסגעגעבן פון דעם פאַרלאַג „מיינע לייענער".

דער פאַרלאַג „מיינע לייענער" איז געגרינדעט געוואָרן, קעדיי אַרויסצוגעבן פינף נייע ביכער פון אַרן קורץ, לעקאָוועד דרייסיק יאָר פון זיין ליטעראַריש־געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. דער פאַרלאַג איז געגרינ־דעט געוואָרן פון כאַוויירים, לייענער וואָס זיינען איבערגעבענע שטיצער פון אונדזער ליטעראַטור און קולטור. יעדער איינער קען ווערן אַ מיט־גליד פון דעם פאַרלאַג. דעם פאָנד, וואָס איז נויטיק די ביכער אַרויס־צוגעבן, שאַפן די מיטגלידער פון זייערע פרייוויליקע ביישטייערונגען.

### מיטגלידער פון דעם פאַרלאַג:

**אַטלאַנטע, דזשאָרדזשיע**

מר. און מרס. סעם בער
מר. און מרס. י. בעק
מר. און מרס. י. גלאַסטראָם
מר. און מרס. ד. דייוויס
מר. און מרס. א. דיימאָנד
מר. און מרס. ה. וואולף
מר. און מרס. ה. לואיס
מר. סעם ליף
מרס. א. מאָרעט
מר. און מרס. ב. מיטשעל
מר. און מרס. מאָריס מערלין
מר. סעם סווערדלין
מרס. דזש. סמיטלאָוו
מר. און מרס. מ. פיליפּס
מר. און מרס. סעם פיינבערג
מר. און מרס. וו. פרידמאַן
מר. און מרס. נייטען קאַץ
מר. און מרס. י. קרוגער
מר. און מרס. בערל ראַבין

**באָסטאָן**

מרס. סאָפי בוירקאַט
מר. און מרס. בען בלאַק
מר. בערנאַרד בלידאָן
מר. דזשעק גלייזער
מר. און מרס. מעקס וו. גאָלדשטיין
מר. און מרס. סעם וועסטלמאַן
מרס. שפרה טאַר
מר. און מרס. דזשעק טאָמאַס
מר. און מרס. טייטעל

דר. און מרס. ה. טשיימסאָן
מר. און מרס. סעם יאָפע
מר. און מרס. היימאַן לין
מר. און מרס. דזשאָן א. קאַרוועד
מרס. מרים קאַזלאָוו
מר. און מרס. דזשאָזעף קאַרסון
מר. און מרס. מאַקס קופּער
מר. אורווינג קינג
מרס. כאַסיע שאַפּיראָ
מר. און מרס. איזידאָר שאָר
מר. חיים שטיין
מר. הערמאַן שטערן

**ברידזשפּאָרט, קאָנעטיקוט**

מר. און מרס. אברהם לעפער
דר. מ. בעלזער
א. גליקמאַן
י. גרין
י. דאַנציג
ד. לעפער
מ. לעפער
ר. ניומאַן (אין נאָמען פון איוואַ גאָלדבערג)
וו. מאַלעי
על. סמיט
ל. סמיק
ראָוז עלאָוויץ
י. פּאַקס
י. פּאַלבאַום
סי. פּראַמסאָן
י. קאַטאַן

**וואַשינגטאָן, די. סי.**

מר. און מרס. מאָריס איילין
מר. דזשיימס בערלין
מר. און מרס. יוסף ברייער
מר. און מרס. חיים בער גורעוויטש
מר. און מרס. סעם האָלצמאַן
מר. און מרס. מאָו היין
מר. און מרס. ב. וויינשטיין
מר. און מרס. סעם זאַטמאַן
מרס. פעני זוקער
מר. און מרס. ישראל יאַסני
מר. און מרס. ישראל לובלין
חברטע ליב
מר. און מרס. הערי סטאָלאַר
מר. און מרס. וויליאַם ראָזען
מר. און מרס. מאַקס ראָזענבערג
מר. און מרס. הערי רייניש
מר. און מרס. דזש. שולמאַן
מאיר און קלאַראַ שולמאַן
מר. און מרס. מאָריס שוואַרץ
מר. און מרס. שיינבערג
מר. עדוואַרד שערמאַן

**טאָראָנטאָ, קאַנאַדע**

י. פריילין

**טרינידאַד**

מ. שאַדאָך
מ. שטראַסבערג

נעמען פון נייע פאַרלאַג־מיטגלידער וועלן דערשיינען אין די קומענדיקע ביכער.

## דערשינענע ביכער פון דעמזעלביקן מעכאַבער:

„כאַאָס", לידער, פאַרלאַג „ניי־יידיש", 1920, ניו־יאָרק

„פיגאַראָ", פּאָעמע, פאַרלאַג „ניי־יידיש", 1924, ניו־יאָרק

„פלאַקאַטן", פּאָעמעס, פאַרלאַג „יידיש לעבן", 1928, ניו־יאָרק

„די גאָלדענע שטאָט", לידער, אַרויסגעבער: בירא־בידזשאַן ברענטש 37, יידישער פראַטערנאַלער פאָלקס־אָרדן, 1935, ניו־יאָרק

„נאָ־פּאַסאַראַן", לידער וועגן שפּאַנישן בירגער־קריג, אַרויסגעבער: קאָאָפּעראַטיווער פאָלקס־פאַרלאַג פון יידישן פראַטערנאַלן פאָלקס אָרדן, 1938, ניו־יאָרק

„משה אָלגין", פּאָעמע, אַרויסגעבער: שטאָט־קאָמיטעט פון יידישן פראַטערנאַלן פאָלקס אָרדן, 1940, קליוולאַנד

„מאַרק שאַגאַל", פּאָעמע, פאַרלאַג „מיינע לייענער", 1946, ניו־יאָרק
" " צווייטע אויפלאַגע, 1947, ניו־יאָרק

## ביכער וואָס וועלן דערשיינען דורכן פאַרלאַג „מיינע לייענער":

„מאָסקווער קליפּער", פּאָעמע, אַ פאַנטאַסטישע לופט־רייזע איבער אייראָפּע

„דער פּרעזידענט און דאָס פאָלק", לידער וועגן אַמעריקע

„דער פאַסטעך ייסראָעל", ראָמאַן אין פערזן וועגן אַ סאָוועטיש־יידישער פאַמיליע

„מיין פאַן־אַמעריקע", אַ רייזע איבער די דאָרעם־אַמעריקאַנער לענדער